Tsipor, I. B.
In Bovl : dramatishe poeme in ferzen.
Varshe, 1921.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1891.16

**Tsipor, I. B.**
In Bovl : dramatishe poeme in ferzen.
Varshe : Di Tsayt, 1921.
189 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland-Warsaw

ID : NXYH01-B16341 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /9208

Reduction ratio X 10.0

י. בּ. צפּור

# אין בּבל

דראַמאַטישע פּאָעמע אין פערזען
אין 5 טיילען און 7 בילדער.




וואַרשע, 1921.

# פערזאנען:

אַ שטראַלענדיגע לופט־געשטאַלט.

## יודען:

**חלקיהו** — אנ'איינפלוסרייכער יודישער איידעלמאן, שוין קרוב צו 70.

**שושנה** — חלקיהו'ס טאָכטער און עזריה'ס פרוי, אלט א יאָר 25.

**חנניה**
**מישאל**
**עזריה**
דריי בבל'שע פירשטען. דער ערשטער א יאָר 40, די צווי אנדערע קוים אריבער דרייסיג.

**דער נביא.**

**עובד בן־סיסרא**
**עדיאל בן־צוף**
צוויי זקנים, יודישע שופטים אין בבל.

**מילכה** — שושנה'ס אם.

**גחזי** — חלקיהו'ס. א הויז־קנעכט.

צוויי דינסטען, א מחנה באוואָפענטע יונגעלייט, פאָלק.

## נישט־יודען:

**נבוכדנצר** — קעניג פון בבל.

**טלמון** — א הויפטמאַן, אָנפירער פונ'ם קעניגס לייב־גווארדיע.

**פשחור** — א שטערען־זעהער.

**חטיפא** — איינע פונ'ם קעניגס קעבס־ווייבער, א יאָר 17.

דער גרויס־פריסטער פון בבל מיט א מחנה יונגע פריסטער.

דריי הויפלייט.

א העראָלד.

זאטראכען, קעניגליכע גווארדיע, פאָלק.

אָרט — בבל.

צייט — א יאָר דרייסיג נאָכ'ן ערשטען חורבן.



Druk. „Feniks" R. Wileńskiego, Warszawa, Graniczna 14

ת"ר בשעה שהפיל נבוכדנצר חנניה מישאל
ועזריה לכבשן האש אמר לו הקב"ה ליחזקאל
„לך והחיה מתים בבקעת דורא".
(סנהדרין צ"ב).

# ערשטער טייל

## בילד א

אַ גאָרטען נעבען תלקיהו'ס הויז. אין פאָדערגרונט לינקס — אַ
ויער, רעכטס—אַן אָריענטאַליש געצעלט, פון וועלכען דער הינ-
טערשטער טייל פאַרלירט זיך צווישען ווינשטאָקען. טיף אין הינ-
טערגרונט—אַ הויז, פון וועלכען דער דאַך איז פלאַך און מיט אַ
גאַניק אַרומגעצוימט. גאַנץ ווייט, אויף לינקס—אַ טייך, פון וועל-
כען דער הינטערשטער און דער לינקער ברעג פאַרלירען זיך
צווישען ביימער. דאָ און דאָרט—נידריגע שטיינבענק.
ס'איז שפעט ביינאַכט. די לבנה שפיגעלט זיך אָפּ אין וואַסער,
און זילבערט די שפיצען פון די ביימער.

### עובד בן סיסרא

אַ מענש פון איבער פיפציג. מיטעלוואוקסיג און פעסט-געבויטער קערפער, פע-
פערפאַרביגע האָר און באָרד, געדיכט געוואַקסען; אַ לײדענשאַפטליך געזיכט,
וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון עפּיס טיריש. — ער געהט צו גאַנץ צו דעם

איינגאַנג פֿוג'ם געצעלט, הערט זיך אויפֿמערקזאַם צו, קוקט זיך אַ װײַלע אַרום פֿון אַלע זייטען און רופֿט פֿאַרזיכטיג

גחזי!.. גחזי!..

גחזי

שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכ'ן איינגאַנג פֿון געצעלט. באַמערקענדיג עובד׳
לויפֿט ער אים אַקעגען

גחזי

אויף די קניען, קושענדיג עובד'ן דעם זוים פֿון זיין קלייד

זיי מוחל, האַר! דער שלאָף האָט מיך גענאַרט.
אָ, זאָג, איך בעט דיך, האָסטו לאַנג געוואַרט?

עובד

כמעט פֿון האַלבער נאַכט.
איך האָב פֿון דיר דאָס ערגסטע שוין געטראַכט...

גחזי

אויפֿשטעהענדיג

צי גלויבסטו מער נישט אין דיין קנעכט?

עובד

איך גלויב—און דאָך בין איך נישט זיכער...

גחזי

אָ, האַר! פֿאַרשעלט מיך גיכער...

עובד

ביסטו מיר ווירקליך טריי?..

גחזי

קאָן עמיץ זיין נאָך טרייער?
באַפֿעהל איך בין צו אַלעם גרייט...



עובד

שושנה רויבט מיין פֿרייד...

גחזי

איז זי דיר אַלץ נאָך טייער?

עובד

צו שוואַך דאָס וואָרט... איך דין צו איר, ווי צו אַ גאָט...
זיך בוקען וויל איך... פֿאַר איר די הענט אויסשפּרייטען...

גחזי

אָ האַר! מיין עצה פֿאָלג: צעברעך די קייטען!
געפֿונען ווערט דיין האַרץ אַנ'אַנדער טרייסט...

עובד

איך קאָן נישט...

גחזי

צי איז דיין ליבע אַזוי שטאַרק דען, ווי דער טויט?

עובד

זיך אַרומקוקענדיג אומרוהיג פֿון אַלע זייטען

נאָך שטאַרקער, גחזי!..
און שווערער, ווי די שווערסטע נויט...
איך בין פֿאַרוועלקט, און זי—אַ בליהענד יונגע בלום:
איר האַרץ צו מיינעם—קאַלט, און אירע ליפּען, שטום.—
זי איז די טאָכטער פֿון דעם מאָרגענשטערן,
און איך—דאָס קינד פֿון זונען-אונטערגאַנג—
און דאָך...

גחזי

איך פֿיל דיין וועה, אָ האַר!

עובד

**העלף מיר, גחזי, העלף!..**

גחזי

**דיין באַגעהר מיר זאָג.**

עובד

**געדענקסטו יענעם מורא׳דיגען טאָג? —**
**אַ קנעכט פאַרלאָזט אין איינזאַם אויף דער וועלט...**

גחזי

**איך געדענק...**

עובד

**איך בין געוועזן דיין ריכטער...**
**מיין לעבען איינגעשטעלט,**
**אַ לעבען דיר צו שענקען...**
**געדענקסטו?..**

גחזי

**פאַרפלאָנטערנדיג די אויגען**

**כ׳וועל אייביג דאָס געדענקען.**

עובד

**און ווייס ווי שניי דיין גרויסע זינד געמאַכט,..**
**צום רייכען חלקיהו דיך געבראַכט...**
**געדענקסטו דאָס מיין זוהן?..**

גחזי

**מיין האַרץ איז דיין!**

עובד

**העלף מיר!..**

גחזי

**באַפעהל, און איך וועל טון...**



עובד

**שושנה מוז זיין מיין!..**

גחזי

**צי האָסטו איר דיין סוד פאַרטרויט?**

עובד

**ביז איצט נאָך נישט...**
**איך זעה זי ווי די רעגענבויגען-פאַרבען**
**אויף סאַפיר-הימלען אויסגעצויגען:**
**מיט בענקשאַפט בליקען מיינע אויגען,**
**און כ׳פיל דאָס וואָרט אויף מיינע ליפען שטאַרבען...**

גחזי

**אַ האַר! שושנה איז אַ טאָכטער פון דער ערד...**

עובד

**איך זעה זי מער אין חלום, ווי אין וואַך...**

גחזי

נאָכדענקענדיג

**מיט גוטען איז אַ שווערע זאַך —**
**זי איז גאַנץ יונג, און דו—שוין אַלט...**

עובד

**וי האָט מיין האַרץ צעריסען!..**

גחזי

**סיידען מיט געוואַלט...**

עובד

**עס ווי אַ שלאַנג געביסען!..**

גחזי

**און שרעקסטו דיך נישט פאַר עזריה׳ס צאָרען?**

עוֹבר

אָ גחזי! כ׳האָב מיין וועג פאַרלאָרען,
אַ שווערע לאַסט איז איצט מיין לעבען!..

גחזי

נאָך אַ לענגערער פּויזע

הער-צו די עצה, וואָס איך וועל דיר געבען:

עוֹבר

אומגעדולדיג

רעדן..

גחזי

שוֹשנה קומט הער יעדען טאָג זיך באָדען;
פאַרנאַכט, ביים זונען-אונטערגאַנג.
זי בלייבט אין גאָרטען שעה׳ען לאַנג.—
און ביסטו דרייסט גענוג...

עוֹבר

זאָג, קומט זי נישט מיט אירע דינסטען:

גחזי

פאַר׳ן באָדען שיקט זי זיי אַוועק..

עוֹבר

און בלייבט דאָ גאַנץ אַליין?..

גחזי

אַליין...
זי מיינט...

עוֹבר

גענוג... איך ווייס שוין, וואָס מיר בלייבט צו טון..
איך הער אין גאָרטען טריט... דערווייטער דיך מיין זוהן..

עובר געהט-אָפּ דורכ׳ן טויער. גחזי—דורכ׳ן געצעלט.



עזריה קומט אָן פון נעבען הויז: ער געהט לאַנגזאַם און פאַרחלומט; קומט צו צו אַ שטיינבאַנק און לאָזט זיך אויף איר פאַלען, ווי איינער, וואָס איז פון מיזקיים ערשעפּט. פון ווייטען הערט מען אַ פרויען-שטימע, וואָס זינגט גאַנץ טרויריג.

עזריה

ווי ערוואַכט דורכ׳ן געזאַנג

גאָט פון צאָרן און נקמה, וואַרט נישט לאַנג!
צעבראָכען איז דער גוף, די זעל פון וועהטאָג קראַנק,
צערייס דעם לעצטען באַנד, וואָס האַלט זיי נאָך צוזאַמען —
דער קרבן ליגט שוין גרייט, און ס׳שטייגען הויך די פלאַמען
פון דעם מזבח, וואָס דו האָסט געשטעלט.
און האָסטו נישט גענוג דיין פאָלק געקוועלט,
דיין גרימצאָרן וועניג נאָך געשטילט, דאַן אייל דיך, אייל!
אַלמעכטיג איז דיין אָרים, גיפטיג שאַרף דיין פייל,
דיין בויגען פעסט געשפּאַנט, דיין אויג גאַנץ זיכער,
טרינק-זאַט דיין בליק, נאָר טרינק אים-זאַט, וואָס גיכער!..
צעשמעטערט נישט דער אָדלער אויף אַ פעלזען-שטיין
דעם קרבנ׳ס שאַרבען, זיין צער נישט צו צוזעהן?
און שטילט ער נישט ערשט שפּעטער אינ׳ם וואַרמען בלוט
זיין ברענענדיגען דורשט, זיין ווילדע גלוט?—
דו ביסט זיין שפּער, האַר, דיין צאָרן אין זיינעם ברענט:
אָ, זיי נישט גרויזאַמער, ווי ס׳ווערק פון דיינע הענט!..

שוֹשנה קומט-אָן פון נעבען הויז, באַמערקענדיג עזריה׳ן אליין אין גאָרטען, נעמט זי אַרונטער דעם שלייער, און געהט-צו צו אים נאָענט

שוֹשנה

ליבער מאַן, זאָג, וועלכע זאָרג האָט דיך געצוואונגען
פריער אויפצושטעהן היינט, ווי דער מאָרגען-שטערען?
ציטערסט גאָר! אויף דיינע באַקען רינען טרערען!..
האָט אַ בייזער חלום דיר דיין שלאָף געשטערט?..

עזריה

ווייזענדיג צום הויז

זאָג, וועמעס שטים האָב איך נישט לאַנג געהערט?
ווער האָט געוויינט דאָרט, איידער ביסט געקומען?..

שושנה

איך האָב געבעטען...

עזריה

און האָט דיין תּפילה גאָט פֿאַרנומען?..

שושנה

איך האָף...

עזריה

זאָג, רויבט קיין זאַך ביי דיר דיין שלאָף?
און קאָנסטו פֿריי פֿון חלומ׳ס גאָב געניסען?
דערוואַכסטו ניִשט, ווי פֿון אַ שלאַנג געביסען?

שושנה

פֿיל איך נור דיין אָטעם שוועבען
מעגען ברומען טויזענד לייבען,
מעג דער שאָקאַל קלאָגען דורך דער נאַכט פֿון שרעקען
און די טויטע פֿון די קברים וועקען.

עזריה

אומגעדולדיג

ניִשט דאָס האָב איך געמיינט...

שושנה

אָ, ליבסטער, זאָג, וואָס רויבט דיין פריידז?

עזריה

עס שטאַרבט אַ פאָלק, א ווייב, פֿאַרנעמסטו מיינע רייד?
צי ווייסטו, וואָס דאָס הייסט אַ פֿאָלק, וואָס שטאַרבט?
דאָס פֿאָלק ביסטו, בין איך, דיין פֿאָטער, ברודער, פֿריינד,
און אַלץ, וואָס איז דיר ליב פֿון דורות-אָן ביז היינט —
עס צאַנקט דאָס ליכט, דו זעהסט זיין לעצטען פלאַם...

שושנה

דיין צונג טריפט סם!..
עזריה, זאָג, וואו איז דיין האָפֿנונג?..



עזריה

געשטאָרבען... לאַנג געשטאָרבען...

שושנה

אָ, גאָט פֿון גנאָד!.. עזריה!..

עזריה

מיט האַס און צאָרן האָט ער זיין פנים אָפּגעקערט,
און אונזערע זיסטע האָפֿנונגען צעשטערט.

שושנה

דו לעסטערסט!..

עזריה

שטראָפֿט ער וועניג?..

שושנה

זיין צאָרן שטראָפֿט, זיין חסד אָבער וואַכט...
צי ביסטו ניִשט פֿון די ערשטע ביי דעם קעניג?

עזריה

איך קוש די האַנט, וואָס האָט מיין פֿאָטער אומגעבראַכט,
און שאַרפֿט נאָך איצט פֿאַר אונז דעם שווערט...

שושנה

האָסטו, וואָס שרעקליכעס געהערט?..

עזריה

א, ווייב, ניִשט פרעג!..

שושנה

דו טראָגסט אין האַרץ אַ פֿינסטערען סוד פֿאַרבאָרגען.

עזריה

צום קבר פֿירט דער וועג...

שׂושנה

וואָס האָט געטראָפֿען, פֿריינד? פֿאַר מיר קיין זאַך פֿאַרהוילו!

עזריה

דאָס, וואָס נעכטען; דאָס, וואָס טרעפֿען וועט אויך מאָרגען.

שׂושנח

אָ, גרוילו!..

עזריה

ער ענדיגט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען
אין טאָג, ווען ס׳האָט זיין צאָרען אויפֿגעברויזט.
ער האָט זיין האַנט אַנטבלויזט
און אַלצדינג שענדט ער,
און אַלץ פֿאָרבלענדט ער,
ביז ס׳שטאַרבט אין האַרץ די האָפֿנונג און דאָס גלויבען..

שׂושנה

דו האָפֿסט נישט מער!.. דו גלויבסט נישט!..

עזריה

אויף וואָס!.. און וועמען?..

שׂושנה

ער איז אַ גאָט פֿול חסד.

עזריה

וואו איז זיין חסד?..

שׂושנה

ער האָט אַמאָל אונז ליב געהאַט..

עזריה

אָ, שפּאָט!.. פֿון דעם אַמאָל, וואָס בלייבט אונז?



אַ ווילדע קללה, וועלכע טרייבט אונז,
אַ לאַנד פֿאַרוואָרלאָזט און פֿאַרוויסט,
אַ גאָט צו וועלכען רופֿסט אומזיסט ..
און ווו נדסטו צו דעם פֿאָלק דיין בליק,
וואָס זעהסטו דאָרט?
קיין איין גאַנץ אָרט!
אַ האַרץ אַ פֿוילס, אַ קאָפּ פֿול וואונדען,
נישט אויסגעהיילט און נישט פֿאַרבונדען;
אַנ׳אַלטער דור פֿאַרוועלקט אָהן מוט;
אַ יונגער—פֿול מיט קנעכטיש בלוט..

*חלקיהו, אַ מענש פֿון אַ יאָר פֿינף-און-זעכציג, אַ בלינדער. קומט אָן פֿון נעבען טייך; זעהט אויס זעהר אומרוהיג; געהט פּאַמעליך און אומזיכער; טאַפּט מיט דעם פֿוס פֿאַר זיך דעם וועג*

חלקיהו

הער איך נישט באַקאַנטע שטימען?
איז עזריה מיט שושנה׳ן דאָ אין גאָרטען?

*רופֿט*

עזריה!..

שׂושנה

מיין פֿאָטער!..

עזריה

*ערשטוינט*

אָהן אַ פֿירער?!

שׂושנה

גאַנץ אַליין..

חלקיהו

*רופֿט הויך*

עזריה!..

עזריה

לויפֿט אים אַנטקעגן

דאָ בין איך, האַר, האָט ווער דיין שלאָף געשטערט?

חלקיהו

ניין, ניין, איך האָב דיין קול געהערט.

עזריה

וואָס האָט דיך אַזוי פֿרה דערוואַכט?..

חלקיהו

צי איז דער טאָג דען בעסער, ווי די נאַכט?

רופֿט

שושנה! . האָב איך ניט איר שטים פֿאַרנומען?

עזריה

זי איז נישט לאַנג אַהערגעקומען.

חלקיהו

די נאַכט-לופֿט קילט; דער זונען-שטראַל, דער שטעכט;
די אויגען פֿון אַ בלינדען זוכען נור די נעכט...

שושנה

האַר מיין פֿאָטער, ביינאַכט... אַליין?..

חלקיהו

צי דאַרף איך אויגען צווישען מיינע קינדער?

שושנה

דאָך אָן אַ פֿירער גײן...

חלקיהו

כּוונות'דיג

איך האָב געזעהן...



עזריה, שושנה

ערשטוינט

געזעהן?..

חלקיהו

איך האָב געזעהן..
אַ שטראַלענדע געשטאַלט איז דאָס געווען
אַ פֿייערדיגען שווערט אין האַנט.

שושנה

יאָ?..

חלקיהו

אָט דאָרט, ביים טייך, ביים ראַנד. —
פֿון שלאָף האָט זי מיך אויפֿגעוועקט,
מיך היינגעפֿירט,
די אויגען לייכט מיר אָנגערירט,
און זיך צו מיר אַנטפּלעקט. —
איך האָב געזעהן...

עזריה

עס גלויבט זיך קוים...

שושנה

דאָס איז אַ טרוים...

חלקיהו

אויפֿגערעגט

ניין, ניין, איך האָב איר שטים געהערט,
און זיס און הימליש האָט זי אָפּגעקלונגען,
און אַלץ אַרום האָט מיטגעזונגען
ביז וואַנען ז'איז פֿאַרשוואונדען. —
אין טייך אין ברויזעדיגען זילבער-שוים. —
און לאַנג בין איך געלעגען ווי געבונדען,
געזוכט אַ פּתרון, אַ באַשייד,
צו אירע רייד...

עזריה

ווי וואונדערליך דאָס קלינגט!

חלקיהו

און ווידער איז אַצינד
אַלץ שוואַרץ... אַלץ בלינד...

שושנה

ווער ווייס וואָס פאַר אַ זינד!..

חלקיהו

הערט אומרוהיגער און שטרעקט אויס ציטערדיג די הענט צום טייך

איך האָב געזעהן... איך האָב געזעהן...

בלייבט שטעהן אין עקסטאַז

שושנה

אָ גאָט! וואָס איז מיט אים געשעהן?
זיין שטערן רונצעלט זיך, זיין פנים ברענט...

עזריה

זיין שטאַרער בליק איז צו דעם טייך געווענדט.

שושנה

די קראַנקע אויגען-לידער צאַפּלען שווער,
און אין די ווינקלען פונקעלט, ווי אַ טרער.

חלקיהו

בארוהיגט

איז עמיץ נאָך מיט אונז פאַרהאַן?

שושנה

קיינער.

חלקיהו

אָט דאָרט... ביים טייך...



שושנה

קיין לעבעדיגע זעעל.

חלקיהו

און איז דער הימעל טונקעל אָדער העל?

עזריה

ריין און לויטער איז ער.
ווי אַ שפּיגעל גלאַט.

שושנה

און רוהיג שטיל די לופט;
עס ריהרט זיך ניט קיין בלאַט.

חלקיהו

אומרוהיג

און הערט איהר ניט אַ שטים, וואָס רופט?

שושנה

פון וואַנען?

חלקיהו

אָט דאָרט...

הייזט צום טייך

עזריה

קיין איינציג וואָרט...

שושנה

קיין קלאַנג...

חלקיהו

אַ פאַרצייטערטער

איהר הערט?

שושנה

מיט טרערן

פאָטער, דו ביסט קראַנק...

חלקיהו

מיט אומגעהויערער שרעק צום טייך תּהיוענדיג

ניין, ניין... אָט איז זי ווידער די געשטאַלט!..
איך זעה זי!...

שושנה

וואו?

חלקיהו

אָט דאָרט...ביים טייך... ביים ראַנד...
אַ פייערדיגען שווערט אין האַנט...

שושנה

איך זעה קיין זאַך...

עוריה

איך בין ווי בלינד...

חלקיהו

אויפגערעגט

פאַרשווינד!..
אָט הויבט זי אָן צו ריידען...

עוריה און שושנה

ציהען זיך צוריק ביז צום געצעלט. זיי שטעלען זיך אוועק אָן א זייט און קוקען דערשראָקען צום אלטען. פון טייך דערהויבט זיך, אין א ראַזען געפעל איינגעהילט, א שטראַלענדיגע מענער-געשטאַלט—האלטענדיג אין האנט אנ'אויסגעשטרעקטען שווערט

די געשטאַלט

חלקיהו!.. חלקיהו!..



חלקיהו

רעד, אָ האַר, דיין קנעכט איז גרייט!

די געשטאַלט

איך האָב דיין שטים פאַרנומען,
און דיך צו פרובען בין איך אצט געקומען.

חלקיהו

כ'בין אָנגעברייט!..

די געשטאַלט

אויסגעטרוקענט איז דער אַלטער בוים געוואָרען
דורך דער קראַפט פון מיין גערעכטען צאָרען!
פרישע קערנער, איידלע זאָמען,
געה און פלאַנץ אויף יעקב'ס נאָמען!..

חלקיהו

מיט טרערען

מיין האַנט איז שוואַך!..

די געשטאַלט

דיין ווילען — שטאַרק!..

חלקיהו

מיין אויג איז בלינד!..

די געשטאַלט

אין הארצען זוך דיין ליכט אַצינד!..

די געשטאַלט פארשווינדט

חלקיהו

בלייבט איניגע מאָמענטען אין עקסטאַז, די הענט אויסגעשטרעקט, צון דעם שטערען בליק צום טייך געווענדט

שושנה

צו וועמען האָט ער דאָ גערעדט?

שושנה

מיט טרערען

אַ פֿאָטער, דו ביסט קראַנק...

חלקיהו

מיט אומגעהויערער שרעק צום טייך תּיזוענדיג

ניין, ניין... אָט איז זי ווידער די געשטאַלט!..
איך זעה זי!...

שושנה

וואו?

חלקיהו

אָט דאָרט... ביים טייך... ביים ראַנד...
אַ פֿייערדיגען שווערט אין האַנט...

שושנה

איך זעה קיין זאַך...

עוריה

איך בין ווי בלינד...

חלקיהו

אויפגערעגט

פֿאַרשווינד!..
אָט הויבט זי אָן צו ריידען...

עוריה און שושנה

ציהען זיך צוריק ביז צום געצעלט. זיי שטעלען זיך אוועק אָן אַ ווייט און קוקען דערשראָקען צום אלטען. פון טייך דערהויבט זיך, אין אַ ראָזען געפעל איינגע-הילט, אַ שטראַלענדיגע מענער-געשטאַלט—האַלטענדיג אין האַנט אַנ׳אויסגעשטרעק-טען שווערט

די געשטאַלט

חלקיהו!.. חלקיהו!..



חלקיהו

רעד, אָ האַר, דיין קנעכט איז גרייט!

די געשטאַלט

איך האָב דיין שטים פֿאַרנומען,
און דיך צו פּרובען בין איך אַצט געקומען.

חלקיהו

כ׳בין אָנגעברייט!..

די געשטאַלט

אויסגעטרוקענט איז דער אַלטער בוים געוואָרען
דורך דער קראַפֿט פֿון מיין גערעכטען צאָרען!
פֿרישע קערנער, איידלע זאָמען,
געה און פלאַנץ אויף יעקב׳ס נאָמען!..

חלקיהו

מיט טרערען

מיין האַנט איז שוואַך!..

די געשטאַלט

דיין ווילען — שטאַרק!..

חלקיהו

מיין אויג איז בלינד!..

די געשטאַלט

אין האַרצען זוך דיין ליכט אַצינד!..

די געשטאַלט פֿאַרשווינדט

חלקיהו

בלייבט איניגע מאָמענטען אין עקסטאַז, די הענט אויסגעשטרעקט, און דעם שטע-רען בליק צום טייך געווענדט

שושנה

צו וועמען האָט ער דאָ גערעדט?

עזריה

איך האָב קיין אַנדער קול געהערט.

שושנה

עס ציטערן זיינע הענט.

עזריה

נאָך אַלץ צום טייך געווענדט,
גלייך ער וואָלט וואָס געזעהן...

שושנה

זיין פּנים שרעקט...

עזריה

ער טאַפּט די לופט...

שושנה

האָט שדי זיך צו אים אַנטפּלעקט?

עזריה

ער רופט...

חלקיהו
רופט גאַנץ הויך

עזריה!..

עזריה

דיין ווילען, האַר!

חלקיהו
אויפשטעהענדיג

צי האָסטו זי געזעהן?

עזריה

וועמען?



חלקיהו

די געשטאַלט...

עזריה

ניין.

חלקיהו

זי האָט דעם טייך אין פלאַם געהילט,
און ווי דער דונער האָט איר שטים געשאַלט.

עזריה

צי דאַרף מען בלינד זיין, אום אַ גאָט צו זעהן?

חלקיהו

נישט רייד!.. איך זעה נאָך מער...

עזריה

צי זעהסטו מיך? צי זעהסטו דיין שושנה'ן?

חלקיהו

פיל יונגער ווי איר זענט.. כמעט אַלץ קינדער...

עזריה

צי זעהסטו אָט דעם בוים?
דאָס הויז און דאָס געצעלט?..

חלקיהו

ווי אין אַ לאַנג פאַרווישטען טרוים.

עזריה

אַ רעטצעל איז דיין וועלט!

חלקיהו

מיין ליכט שטרומט איצט פון האַרץ,
דאָרט ברויזט מיין וועלט אַצינד.
דאָס איבריגע איז שוואַרץ —

איך וויל זיין בלינד!..

רופט

שושנה!..

שושנה:

האַר, מיין פּאָטער!

חלקיהו:

פאַרנעמסטו מיינע ריידן?

שושנה:

איך ווייס נישט זיי׳ר באַשייד.

חלקיהו:

מאַך צו דיין אויג ווי איך, און אַלץ וועט זיין דיר קלאָר
דיין ווירקליכקייט איז פאַלש, דיין חלום נור איז וואָר!
דאָס האָט מיר שדי׳ס מויל, אין פלאַמען היינט געזאָגט,
און כ׳פיל, ווי אין מיין זעעל, אַ נייער טאָג מיר טאָגט...

עזריה

דו ביסט אין גלות, האַר, אַרומגערינגט פון פיינד!..

חלקיהו:

אין עקסטאַז

אָ וואָס מיר גלות, פיינד, ווען שדי איז מיין פריינד!
ער איז די שטאַרקסטע פעלז, און שיצט מיך נור זיין האַנט,
צעשמעטערט ווערט די קייט, און פריי איז דאַן מיין לאַנד!..

עזריה

דיין לאַנד... אין פלאַמען איז עס אויפגעגאַנגען.
וואָס בלייבט דערפון? נור ביטערניש און באַנגען!..

חלקיהו:

נישט אמת!.. עס לעבט און לעבן וועט עס לאַנג!..



עזריה

שאַקאַלען, פיקסען ווילדע נעסטען דאָרט,
וואו קלינגען פלעגט דעם נביא׳ס שטאַרקע וואָרט..

חלקיהו:

נישט אמת!..
מיין אויער הערט דאָס גליקליכסטע געזאַנג:
אַ פריידענס-מזמור רופט פון נאָנט און ווייט...

עזריה

אַ חורבה איז איצט ציון!..

חלקיהו:

פיל שענער איז זי ווי אין יעדער צייט!

עזריה:

וואו איז זי, זאָג די גאָטס-געבענשטע?..

חלקיהו

אין האַרץ, ביי מיר, מיט גאָט צוזאַמען...
אָט דאָ גיסט איצט איר זון די פורפור-פלאַמען;
דאָ איז די שטאָט, וואו דוד האָט גערוהט:
די אַלטע איז געוועזן פון פעלזען-שטיינער,
די נייע איז געבויט פון פלייש און בלוט...

מען קלאַפּט גאַנץ שטאַרק אין טויער. אַלע הערן זיך צו גאַנץ אויפמערקזאַם

עזריה

עס פינקעלט קוים דער ערשטער שטראַל פון׳ם מאָרגען,
אין טונקלער גרויקייט איז נאָך אַלץ פאַרבאָרגען:
מיין רוח וועט שטערן?..

ער פּאַטשט מערערע מאָל אין האַנט אין דער צווייטער נחזי קומט אַרויס פון געצעלט

גחזי

דער האַר באַגערט?..

עזריה

צום טויער...

גחזי

*אָפּ צום טויער און באַלד צוריק*

אַ הויפּטמאַן פון דעם קעניג.

עזריה

אַליין?..

גחזי

יאָ, האַר, ער בעט גאַנץ אונטערטעניג...

עזריה

איך ווייס, וואָס דאָס באַדייט... אַריין...

גחזי

*שנעל אָפּ צום טויער*

עזריה

*צו די איבעריגע*

איך געה מיין שווערט אָנגאָרטען,
און זוכט ער מיך, הייסט וואַרטען...

*אָפּ*

*גחזי פירט אַריין טלמון'ען און דערווייטערט זיך*

טלמון

ביים קעניג'ס קאָפּ, ביים קעניג'ס שווערט,
אַ אונטערטאַנען זיינע, הערט!..
דער אומבאַזיגבאַרער נבוכדנאצר
האָט אין דעם שענסטען פון די בבל-פּלעצער,



אין דורא-טאָל, אַ נייעם גאָט געשטעלט.
אַ וואונדער איז ער אין דער גאַנצער וועלט!
די הויכקייט זיינע גרייכט ביז זעכציג איילען,
פון לויטער גין-גאָלד אַלע זיינע טיילען,
און אויסגעאַרבייט קינסטלעריש און שעהן,
אַז ס'האָט קיין אויג זיין גלייכען נישט געזעהן.
און אַט, וואָס איז דעם שטאָלצען הערשערס ווילע,
ווי נור די האַרפּען-זענגער וועלען שפּילען,
און די טראָמפּייטען וועלען הילכיג שאַלען,
זאָל יעדער איינער אויף די קניען פאַלען
און בעטען צו דעם גאָט א פרום געבעט.

שושנה

גאָט פון גנאָד!..

טלמון

אין מדינות ווייטע האָט מען בריף געשריבען,
און ס'איז אין בבל קיינער נישט פאַרבליבען,
וואָס זאָל נישט האָבען דעם באַפעהל געהערט:
אַנ'אַנדער גאָט צו דינען איז פאַרווערט!..

חלקיהו

*ווי פון שלאָף ערוואַכט*

פאַרווערט? מיין גאָט צו דינען איז פאַרווערט?..
ווער זאָגט מיר דאָס?.. ווער קאָן מיר דען פאַרביטען
מיין גאָט צו דינען, זיין הייליג וואָרט צו היטען?

טלמון

דעם קעניג'ס מאַכט, זיין האַרטנעקיגער ווילען,
נבוכדנאצר'ס דרינגענדער פאַרלאַנג.

חלקיהו

באַצווינגט דיין קעניג הערצער און געפילען?
דערגרייכט זיין האַנט צום מענשליכען געדאַנק?..

טלמון

ביים קעניגס געטער! אַלטער, וואַגסט צופיל!..

שושנה

אָ, פאָטער!..

חלקיהו

אלמעכטיג איז שדי!..

טלמון

געהאָרכזאַכקייט פארלאַנגט נבוכ־נאצר!
און צעגערסטו, איז וועה צו ידך!.

חלקיהו

שדי איז מיט מיר!..

טלמון

די קאַלעך-אויוועגס פלאקערען פון נאָנט און ווייט,
און הויך צום הימעל שטייגען אויף די פלאַמען..

חלקיהו

באַשאַפען האָט ער ריזענגרויסע ים'ען;
די פייער-בערג און ברויזען, לעשט ער אויס!

טלמון

דו ביסט אַ מורד, יוד!..

חלקיהו

זיין פונק נור גליהט,
דאָס איבריגע איז שטויב!..

שושנה

האַר מיין פאָטער!..

טלמון

אויסער זיך

פאַרשאָלט'נער יוד! דו ביסט דעם קעניגס רויב,
דער לוין פון זיינע וואָפען, זיין קנעכט!..

חלקיהו

דו ביסט גערעכט...



מיין גוף איז זיין:
איך גיב דיר איִם אָהן מיה. .

טלמון

פון אָרט שטעה-אויף!. דיין קאָפ בויג איין!..
באַפעהלען פון מיין קעניג הערט מען אויף די קני!..

חלקיהו

אַזוי נור הער איך שדי'ס וואָרט.
דער דונער זאָגט עס,
דער שטורם-ווינט צעטראָגט עס,
און ס'שניידט אַ בליץ דערפאַר אַ וועג...

זלמון

דיין רוקען בייג!..

חלקיהו

דאָס טו איך נור פאַר גאָט...

טלמון

אַ שפאָט!..

ער כאפט אים אָן

דו געהסט מיט מיר!..

הלקיהו

איך געה...

טלמון

צום טויט!..

חלקיהו

צו דער ערלייזונג!..

שושנה

שרייט פאַרצווייפעלט

וועה!.. וועה!..

זי לויפט אין דער ריכטונג צום הויז שרייענדיג, ביז זי פארשווינדט.
עזרית אָנגעטון אין די הויפט-קליידער קומט צו לויפען

עזריה

וואָס איז געשעהן?

טלמון

אָפּלאָזענדיג חלקיהו'ן

ער האָט זיך נישט געבוקט.

עזריה

דער אַלטער מאַן איז בלינד,
נישט האַלט דאָס פֿאַר אַ זינד.

טלמון

צי איז ער אויך דען טויב?

עזריה

ער ווייסט נישט דאָס געבאָט.

טלמון

ער האָט געפּאָט...,

עזריה

נישט גלויב.

טלמון

איך האָב געהערט...
און זאָל ער אויף זיין לייב דאָס שפּירען...

ער הויבט אויף געגען חלקיהו'ן דעם שווערד

עזריה

האַלט-איין דיין האַנט, נישט וואַג אים צו באַרירען!..

טלמון

ווער וועט מיר דאָס פֿאַרבּיטען?..

עזריה

אים אָפּשטויסענדיג

צי ווייסטו ווער איך בין?

טלמון

עבד-נגו, איך ווייס.



עזריה !

און האָסטו דיינס געטון?

טלמון

געטריי...

עזריה

דער וועג איז פריי...

טלמון

ביים קעניגס קאָפּ!..

עזריה

איך הייס...

טלמון

אָ ווער דו זאָלסט נישט זיין, געדענק דו ביסט אַ יוד:
פֿאַרפֿאָלגען וועט מיין שנאה דיך אויף יעדען טריט!.

אָפּ

עזריה

הפקר, הפקר ווי אַ הירש אין וואַלד!
פֿאַר יעדען כשדי אַ געפֿאַנג, אַ רויב,
פֿאַר יעדען הונט דאָס פּנים טיף אין שטויב,
און פֿון דעם מיאוס'טען מיט די פֿיס געטרעטען...
אַ ציל פֿאַר יעדענס קנאה און פֿאַר יעדענס שפּאָט —
אַ גרייטער קרבן פֿאַר אַ יעדענס גאָט!..

חנניה און מישאל קומען צו לויפען פֿון נעבען טויער

חנניה

בעט רחמים, ברידער, אייער שטיב דערהויבט,
ביז שדי'ס טראָן דערגרייכט דעם כשדי'ס איבערמוט!
זיין האַרץ, פֿון גאוה שכור, דורשט נאָך בלוט.
צי וועניג איז פֿאַר אים די ערדען-וועלט,
צום הימעל רייסט די קנאה זיינע אויגען!
ער האָט אין דורא-טאָל אַנ'אָפּגאָט אויפגעשטעלט,
און וועה צו דעם, וואָס וועט זיין קאָפּ נישט בויגען!..

די נויט איז גרויס!..
פון אַלע זייטען לויערען די פלאַמען..

מישאל

נישט ווייגען קום איך דאָ מיט אייך צוזאַמען:
דאָס קאָן אַ יעדער אין זיין אייגען הויז.
דאָס פאָלק לעבט איצט אין יאוש׳דיגע שרעקען
און וואַרט מיט אומגעדולד אויף אונזער וואָרט.
וואָס זאָגט איר אים?..

חנניה

פאַרזאַמלען לאָמיר זיך אין א פאַרבאָרגען אָרט,
זאָל יעדערער זיין קאָפּ מיט אַש באַדעקען,
און שטיל פאַר גאָט זיין שווער געמיט אַנטפּלעקען.

מישאל

נישט מער?..

חנניה

מעכטיג איז דעם צדיק׳ס טרער!
און אַ האַרץ פון וועה צעבראָכען
איז פאַר גאָט דער בעסטער קרבן..

מישאל

צי ביסטו וועניג נאָך אין שטויב געקראָכען?..

חנניה

געבעט און טרערען... געבעט און טרערען...

מישאל

אָ פחדנות! איך קאָן דיין שטים נישט הערען,
זי וועקט אין מיר נור ביטערקייט און צארען!

צו חלקיהו׳ן

וואָס שווייגסטו, אַלטער, ביסטו שטום געוואָרען?
וואו איז דיין גבורה, זאָג, פון אַלטע צייטען?
וואו איז דער פלאַם, וואָס האָט אַמאָל דיין ברוסט באַלעבט,
ווען מיט אַ שווערט געשאַרפט פון ביידע זייטען,



דו האָסט, א יונגער לייב, אַרומגעשוועבט
אין מיטען פיינד׳ס געדיכטע העלדען-רייען,
די היילגטימער דיינע צו באַפרייען?
ווען אין קאַמף צו שיצען דיינע אבות קברית,
האָסטו צוגעדעקט דאָס שלאכט-פעלד מיט פגרים!..

חלקיהו

איז יענע צייט פאַר דיין זכרון טייער?
זאָג, גליהט אין דיר אַ פונק נאָך פון דעם פייער,
וואָס האָט מיט שטורם אַמאָל מיין יונגע ברוסט געפולט?

מישאל

ער גליהט... עס ציטערט אַלץ אין מיר פון אומגעדולד.
עס שוילט מיין האַרץ פון האַס און וואוט,
עס קאָכט און ברויזט און מיר מיין בלוט,
און טרייבט פאַראויס מיין האַנט, מיין ברוסט!

הלקיהו

וואָס וואַרטסטו, זאָג? דאָס פעלד פון רום איז אָפען.

מישאל

איך געה!..

הנניה

צו שוואַך, צו שוואַך, מישאל, דיינע וואָפען...
פיל מעכטיגער—דעם עלענדענס געשריי!
צום הימעל הויב דיין שטים אויף,
און גאָט וועט זי דערהערען...

מישאל

פאַרגליווערט ווערט אין אויג מיר, אָ איר טרערען!
איר זענט אָנמעכטיגע כלי זין
פאַר קליינע קינדער און פאַר פרויען. —
דער קרעכץ, דאָס איז די טרייסט פון קראַנקען;
דער שטאַרקער האָט אַ שווערט אַ בלאַנקען,
וואָס פילט די העלע לופט מיט בליצען,
ווען ס׳קעמפט זיין האַנט זיין האַרץ צו שיצען..

א גלייכער, שלאנקער, לייכט־באווענליכער אלטער פון עטליכע און זיבציג; א מאגער, ביינינ געזיכט מיט אויסגעשטארצטע קינבאקען; שוין כמעט אינגאנצען ווייס. ער מאכט דעם איינדרוק פון עפּיס א געמיש פון ענערגיע און שטחולטני־שע רוהיגקייט.— קומט־אַן מיט עובד'ן פון נעבען טויער

עדיאל

וואוהין, מישאל?

מישאל

קעמפען, געה איך!..

עדיאל

אָ, אונזין!..

עובד

שטעלסט־איין דאָס פאָלק!..

עדיאל

זיין טויט איז זיכער!..

מישאל

זיך בוקען גיכער?

עדיאל

דיך טרייבט אַ בלינדער צאָרען!

עובד

נישט רייצט דעם קעניג!..

הלקיהו

איז שדי׳ס האַנט צו העלפען קורץ געוואָרען?

עובד

עם ווייסט זיין האַרץ פון קיין רחמנות;
זיין ווילען—פון קיין ווידערשטאַנד...

מישאל

פחדנות!..



הלקיהו

אַ רוט איז ער אין שדי׳ס האַנט!

עדיאל

אירָאניש

און דו ווילסט אָט די רוט צעברעכען,
דערטריקען איר אין ברידער־בלוט?..
מיט שטאָל און אייזען
גבורות ווייזען,
אַנ׳אויסגעטראַכטען יאָך אראָפּצוואַרפען?
אָ בלינדער מוט!..

חלקיהו

מיט וועהטאָג

עדיאל!..

מישאל

אויסער זיך

אַנ׳אויסגעטראַכטער יאָך?..

עדיאל

וואָס דען איז דאָס?
געניסטו נישט אין פולער מאָס
פון קעניגס גונסט, פון קעניגס גנאָד?
איז בבל נישט אַנ׳אייגנע שטאָט?
צי עסטו נישט דיין ברויט צו־זאַט?..
און גרינט נישט דאָ דיין פייגענבוים,
דיין ווייגשטאָק און דיין מאַנדעל־בלאַט?

מישאל

און דאָס איז אַלץ?..

עדיאל

דאָס איבריגע—אַ בלויזער טרוים...

חלקיהו

מיט א ציטער

וואָס מיינסטו דען?..

עדיאל

דאָס פאָלק וויל לעבען!..

מישאל

אויסער זיך

**זאָל זיך ישראל אונטערגעבען?..**

חלקיהו

**אַ שרעקליכער געדאַנק!**

עדיאל

**דאָס פֿאָלק איז מיד; דאָס פֿאָלק איז קראַנק...**

מישאל

**פֿון גאָט זיין האַרץ אָפּקעהרען?**
**צום גאָלדנעם אָפּגאָט שווערען?!**

עדיאל

**ווער קאָן דאָס פֿאַר אַ זינד אים צעהלען,**
**ווען ס'וויל אַן'איינגנער גאָט אים קוועלען?**

חלקיהו

ציטערנדיג מיט זיין גאַנצען קערפּער

**פֿאַרשוועכונג!..**

מישאל

מיט אַן'אָפּגעהאַקטען אָטעם

**זאָג, אַלטער, שטאַמסטו פֿון אברהם'ס זאָמען?..**

עדיאל

ענערגיש

**גלייך ווי דו...**
**איך ליב מיין פֿאָלק און וויל זיין רוה...**
**און אויב איך רעד, דאַן רעד איך אין זיין נאָמען!..**

מישאל

**פֿאַררעטער!..**

עדיאל

**פֿאַררעטער זענען די, וואָס טרייבען אים צום טויט!..**
**קום עובד, קום, כ'האָב מיינס געטון.**



חלקיהו

**געהסט קעמפּען געגען גאָט!?**

עדיאל

**דיקטירען וועט די נויט...**

אָפּ אין עובד נאָך אים.

חלקיהו

אַ פֿאַרצווייפֿעלטער צו עזריה'ן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ ווינקעל שטום און פֿאַרחלומ'ט

**עזריה!.. עזריה!..**

עזריה

**דאָ בין איך, האַר.**

חלקיהו

**וואָס שווייגסטו, זאָג? איך האָב דיין קול נאָך נישט געהערט...**
**צי האָסטו אויך פֿון גאָט דיין פּנים אָפּגעקעהרט?**

עזריה

מיט וועהטאָג

**עס זוכט מיין בליק אים אומעטום אומזיסט.**
**ער האָט מיין האַרץ פֿאַרוויסט;**
**אַ ווילדע קללה דאָרט געפֿלאַנצט...**

חלקיהו

**צי זעהסטו נישט זיין חסד, ווי ער גלאַנצט**
**און וואַרפֿט אויף אונז די גליקזעליגסטע שטראַלען?**

עזריה

**איך זעה אַ פֿאָלק, וואָס האַלט אין פֿאַלען**
**ווי שוואַכע זאַנגען ביי דעם שניט.**

חלקיהו

אויפֿשטעהענדיג באַגייסטערט

**און איך—אַ פֿאָלק וואָס בליהט...**

אין פלאַמען גערהט עס אויף, אין זיילען רויך,
און שטייגט צום הימעל-הויך,
אין גאָלדנע זון-געוועבען אָנגעקליידט:
אַ צעדער-וואַלד אי יונג, אי שטאַרק
אויף דעם לבנון-באַרג. —
נישט ברעך אים אונטער יונגערהייט...
עזריה! דיין האַנט האַלט איין!..

עזריה

וואָס זאָל איך טון?

חלקיהו

גערה שטאַרב, מיין זוהן!
און זאָל דאָס האַרץ פון פאָלק דיין קבר זיין!..

עזריה

נאָך אַ װײַלע שטילשװײַגען

פאַרלאַנגסט מיין טויט?
זאָל זיין... איך גערה אויף דיין באַראָט!..

מישאל

מיט פרייד

פאַר מיין פאָלק און פאַר מיין גאָט...

חנניה

די אויגען צום הימעל

שטעהן זאָל ער ביי אונזער רעכטער האַנט!..

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג אויפהויבענדיג איבער זי צווײ ציטערנדיגע הענט

לעבט אויף ביים פאָלק זיין מוט, דערשטיקט זיין מורא,
מיט העלדישקייט גערהט טראָגט פאַר אים זיין תורה,
און שטאַרקען, טרייסטען זאלט, אים איר און זאָגען:
אַ העלער מאָרגען וועט פאַר אים נאָך טאָגען!



פֿון שטאָל און אייזען שמידט אים אויס אַ ווילען;
מיט צוואַנגען רייסט ביי אים די קנעכט-געפילען;
און האָט די גלות-שלאַנג זיין האַרץ פאַרוויסט,
ויין שטאָלץ דערשטיקט, די פרייהייט אים פאַרמיאוסט,
אים ליב געמאַכט זיין יאָך און זיינע קייטען—
גערהט, ווייזט אים ווי מען לאָזט פאר גאָט זיך טייטען!..

פארהאנג

# צווייטער טייל.

## בילד ב.׳

די זעלבע אויסשטאַטונג, וואָס אין ערשטען טייל. — אין הינטער=גרונט איז דער הימעל און גאָלד-ראָזע פאַרבען איינגעהילט. אַ גרויסע אונטערגעהענדיגע זון שפּיגעלט זיך אָפּ אין טייך, און רויטעלט די שפּיצען פון די בוימער. — עובד בן סירא און גחזי קומען פון געצעלט.

עובד

גאַנץ שטיל

בין איך זיכער דאָ קיין חשד נישט אויפצוּוועקען?

גחזי

זיכער, איידלער האַר, דאַרפסט נישט שרעקען.
ס איז קיין לעבעדיגער מענש נישטאָ אין גאָרטען:

עובד

זאָג, וואו זאָל איך מיך באַהאלטען?

גחזי

אונטער׳ן שאָטענדיגען וויינשטאָק, דאָרטען,
נעבען גרויסען פאַלמען-בוים דעם אלטען.

עובד

וועט זי זיכער קומען?

גחזי

זי האָט עס ביז אַצינד נאָך נישט פאַרפעהלט.
יענעם ווינקעל טייך האָט זי זיך אויסגעוועהלט,
ווייל ער איז נישט טיף, און ווי קרישטאל זוי ריין.

עוֹבד

מיט ערשטוינונג

האָסטו זי זיך באָדען שוין געזעהן!?

גחזי

פרעך

רינט אין מיינע אָדערען קיין בלוט?
פאַר אַ ווייב צו קעמפען פעהלט מיר נישט דער מוט...
נישט נור איינמאָל האָב איך אין אַ פינסטערער נאַכט,
פאַר אַ פרעמד געצעלט געלויערט און געוואַכט...

עוֹבד

אלץ מער ערשטוינט

מיט שושנה׳ן זיך צו טרעפען!?.

גחזי

ניין האַר,
פאַר אַ דינער אָהן פאַרמעגען און אָהן רעכט,
איז אַ בבל-טאָכטער אויך נישט ש״עכט...
טרעפסטו זי ווען זי האָט איר נדר אָפגעצאָהלט,
דאַרפסטו נישט קיין זילבער און קיין גאָלד:
גד׳ן גרייט צו רייכליך דאַן די טישען,
און, פאר הייסע פיבערדיגע קישען,
קאָנסטו עסען, טרינקען ביז אין גרויען מאָרגען,
און אין ליבעס-לוסט דערטרענקען דיינע זאָרגען...

עובד

זיך אָפקערענדיג מיט פאַרדרוס

אָך, שרעקליך איז דעם אַלטענס שטאנד!
דאָס קורצע לעבען זיינס — אַ שאַנד,
זיין יעדער טאָג — אַ קוואַל פון אומעט שוואַרצען,
ווען ס׳וואַכט צ׳ריק אויף די ליבע אין זיין האַרצען..
דעם יונגען איז אַ גאַנצע וועלט ערלויבט;
ביים אַלטען האָט מען אַלץ גערויבט!..



און ווערט מיין האַרץ פון בענקעניש צעריסען,
טאָר קיינער פון כ׳יין וועה נישט וויסען,
און היטען מוז איך, תמיד וואַכען,
מען זאָל פון מיין געפיל נישט לאַכען —
דער שקלאַף, דער נידריגסטער פון אַלע קנעכט,
אויב ער איז יונג, איז גליקליכער פאַר מיר!..

גחזי

אמת, איידלער האַר, דו ביסט גערעכט.
ביי יונגע פרויען, איז אַלטקייט נישט קיין ציר...

עובד

מיין גוף איז אַלט און מיין נשמה—יונג,
צי איז דאָס דען מיין שולד?
אָ, וועלכע סודות׳דיגע האַנט צינדט-אָן דעם פונק,
ווער האָט מיט פלאַמען מיר דאָס האַרץ געפולט?

גחזי

אָ האַר, די זון האָט לאַנג צום מערב זיך גענייגט;
די צייט איז קורץ; איך טאָר דאָ נישט פאַרזאַמען.

עוֹבד

באַטראַכטענדיג דעם זון-אונטערגאַנג

ערד און הימעל קושען זיך אין פלאַמען...
שוין צייט זיך צו באַהאַלטען...

גחזי

די צווייגען ווער באַוועגט?.

עוֹבד

איך הער וואו טריט...

גחזי

פאַרשווינד!..

גחזי לויפֿט אריין אין געצעלט, עובד באַהאַלט זיך אונטער'ן ווייַנשטאָק.

עדיאל בן צוף

באַחײַזט זיך אין טויער, קוקט זיך ארום פֿאַרזיכטיג פֿון אַלע זײַטען, און געהט אריין אין גאָרטען

קיין מענשען-הויך, קיין פֿויגעל-טרעל,
און אויך דער הימעל איז נישט העל.
עס זאָל אַ צווייג, אַ בלאַט זיך ריִרען...
און הערצו קומט זי אָפּט שפּאַציִרען...
ווי טרעף איך זי נור דאָ אַליין!..
מעג זיין איר האַרץ פֿון פֿעלזען-שטיין,
פֿון שטאָל און אייזען אויסגעשמידט:
זי מוז היינט פֿילען, וואָס אין מיינעם גליהט!..
נור ביז זי קומט, זאָל יענער בוים מיך שיצען.

ער געהט זיך באַהאַלטען אונטער'ן ווייַנשטאָק, וואו עובד ליגט. באַמערקענדיג דעם לעצטען, שפּרינגט ער צוריק דערשראָקען

ביי גאָט! איך זעה דאָ װעמען זיצען!..

עובד

שטרעקט ארויס דעם קאָפּ

עדיאל

עובד בן סיסרא!..

עובד

עדיאל בן צוף!.

עדיאל

ווי אַ גנב ביי אַ פֿרעמדען הויז באַהאַלטען!

עובד

אין כעס

עס האָגלען שטיינער אויף דיין קאָפּ דעם אַלטען!..
איך האָב געהערט דיך ריידען.



דו פֿילשער פֿריינד! קומסט מאַן און ווייב צעשיידען!
דו לױערסט ווי אַ ווילדע חיה נאָך דיין רויב?..

עדיאל

איראָניש

זאָג, ליגסטו נישט באַגראָבען, ווי אַ שלאַנג אין שטויב,
דיין קרבן אין די טריט צו בייסען?
חאַ-חאַ, פֿרעמדע פֿרוכט איז אַנגענעם צו רייסען,
און גע'גנב'עט וואַסער איז דעם גומען זיס...

עובד

נישט גלויב, אַז איך וועל שווייגען.
מיט דרייסטע הענט וועל איך די קראַנקע צווייגען
פֿון אונזער פֿאָלקס-בוים...

עדיאל

אים איבערשלאָגענדיג

אָהאָ, שטיל-איין דיין פֿאַלשען צאָרען!..
זאָג, עובד, ווען ביסטו דאָס טריי געוואָרען?..

עובד

זריה מוז די זאַך היינט וויסען...

ער לאָזט זיך געהן

עדיאל

און איך מוז געהן דאָס פֿאָלק באַגריסען,
און אים פֿון דיינע גבורות ריידען...
זיי מוחל, האַר, איך מוז מיך שיידען:
ביי אַ הויפֿען שטיינער וועל איך דיך נאָך זעהן
צווישען יתום'דיגע וועה-געשרייען...

ער לאָזט זיך געהן

עובד

דערשראָקען

עדיאל, האָסטו דיין פֿאַרשטאַנד פֿאַרלאָרען?

עדיאל

איראָניש

שוין פֿאַרלאָשען איז דיין צאָרען?..

געהט ווייטער

עובד

אויסער זיך

ביי גאָט! וואָס ווילסטו טון?

עדיאל

דו צווינגסט מיך, סיסראָ׳ס זוהן!..

עובד

דאָס פֿאָלק וועט אָהן רחמנות אונז פֿאַרשטיינען,
און ס׳וועט קיין אויג אויף אונזער טויט נישט וויינען!—
עדיאל, פֿאַרוואָס ביסטו מיין פֿיינד...

עדיאל

מיט ווייכע רייד, בין איך דיין פֿריינד...

עובד

מיט פֿרייד

נעם אָן מיין האַנט, מיין האַרץ איז דיינס!

עדיאל

אַ מתנה שענק איך דיר אויך מיינס!..

זיי צעקושען זיך

און אויך דו זאָלסט דיך נישט באַקלאָגען,
באַהאַלט דיך דאָרט מיט מיר צוזאַמען,
איך וויל מיין גאנצען סוד דיר זאָגען.



זיי באַהאַלטען זיך אונטער דעם ווייַנשטאָק

שושנה און מילכה קומען אָן פֿון נעבען הויז. שושנה זעהט אויס זעהר באַטריבט
און געהט ווי פֿאַר׳חלש׳ט אָנגעלענט אויף מילכה׳ס אָרעם

מילכ

געהילט אין טרויער און אין באַנג,
האָסטו נאָך היינט דיין האַרץ נישט אונטערלעהנט.
קיין ביסען ברויט, קיין טראָפּ געטראַנק,
פֿון פֿריהסטען מאָרגען-אָן ביז איצט געוויינט.

שושנה

זיפֿצט

וועה!.. וועה!..

מילכה

האָב מיטלייד, קינד, דיין אַלטע אַם נישט קוועל;
וואָס מאַטערט דיין געוויסען? רעד, דערצעהל;
צי האָב איך מיט מיין ברוסט דיך אויסגעזויגען
צו זעהן ווי ס׳וועלקען דיינע שעהנע אויגען?

שושנה

זיך טוליענדיג צו איר

מילכה! מילכה!..

מילכה

דער טרויער מאַכט דעם שטערען רונציג
און בלאָזט אַראָפּ פֿון אויג דעם חן;
דער האַר האָט ליב דיך יונג און שעהן...

שושנה

ליידט ער אַליין דען ווינציג?

מילכה

דיין אייגענעם טרויער וועניגסט אים אָרמייד
זיי תמיד מונטער ביי זיין זייט,

זאָל אין דיין פרעהליכקייט זיין צער צערינען.

שושנה

וואו זאָל איך פרייד געפינען,
ווען אלץ אום מיר איז אַזוי שוואַרץ?

מילכה

אָ קינד, באַצווינג דיין אייגען האַרץ,
דיין זאַנפטער שמייכעל טרייסט דעם האַר אַמבעסטען...

שושנה

האלב צו זיך אליין

אַלע פייגעל פון דעם הימעל האָבען נעסטען,
און די חיות, אויך די ווילדע, טיפע גריבער,
וואו זיי קאָנען, אין אַ צייט אַ טריבער,
געגען אָנפאַל פון אַ פיינד זיך שיצען.
קראַכט אַ דונער, צינדט זיך אָן דער רוים אין בליצען,
לויפען אַלע זיך באַהאַלטען,
ווער אויף בוימער,ווער אין שפאַלטען,
און געפונען אומעטום אַ פריינדליך שויס,
וואו זיי רוהען פון זייער שרעק זיך אויס. —
מיר נור האָבען אלץ פאַרלאָרען,
און א ציל געבליבען פאר'ן אכזר'ס צאָרען..

מילכה

טאָכטער, האָסט דאָך מיך געלערענט האָפען.

שושנה

האָפסטו, מילכה? קאָנסטו רוהיג שלאָפען?

מילכה

ווען זאָרגען בייזע נאָגען,
ווען טרוימען שווערע פלאָגען,
שווינדט דער שלאָף פון אויג, ווי וואָלקען פאַר אַ ווינט...



שושנה

אַ שווערער משפט הענגט אויף אונז אַצינד...

מילכה

דערצעהל, קינד...

שושנה

איך האָב די נאַכט אַ שוידערליכען טרוים געהאַט.
געווען איז דאָס אין אונזער אַלטער, שענער שטאָט;
די גרינגסטע זאָרג האָט אונז נישט מער געפּרעסען.
און פרידליך זענען מיר געזעסען
אין זאַנפטען שאָטען פון די פייגען-בלעטער,
און פריי פון קנעכטשאַפט, ווייט פון פאַלשע געטער,
אַ פריידענס-ליד געזונגען...
ווי זיס די טענער האָבען מיר געקלונגען! —
און פלוצים, גאָט! איך ווער פון שרעק דערציטערט,
מיין בלוט פאַרפריוט, מיין גאַנצער קערפער ציטערט:
דער באָדען טרייסעלט זיך און וואַרפט אַרויס
אַ ריזען-שלאַנג, וואָס פאַלט מיר גלייך אין שויס.

מילכה

אָ גרויל!..

שושנה

איר שטעהט און קוקט, און ווילט מיך נישט באַשיצען.
די אויגען אירע בליצען,
איר מויל גיסט שטראָמען פלאַמען,
וואָס ציהען וועלענווייז אין ברויזען אויף ווי ים'ען,
און אונטער יעדער וועל, אַ נייער חרבן..
און דאָרט... אָ גאָט!.. אַ צאפּעלדיגער קרבן!
מיין מאַן... געהילט אין פייער... האַלב פאַרברענט...
שטרעקט אויס צו מיר תחנונים'דיג די הענט..
און גאַנצע מחנות שוואַרצע קראָהען פליהען,
און שיינען שטיקערווייז זיין הויט צו ציהען..

מילכה

שוידערליך!..

שושנה

זאָג, מילכה, זאָג, וואָס קאָן דאָס אַלץ באַדייטען?

מילכה

גומריהיי.

מיר לעבען איצט אין מוראדיגע צייטען...
די ריזען-שלאַנג דאָס איז...

ווייל ווייטער נישט רידען

שושנה

דאָס איז?..

מילכה

זיך באהערשענדיג

אַ חלום, טאָכטער, איז דען תמיד וואָר?..

שושנה

אָ מילכה, מילכה, רעד גאנץ קלאָר!..

מילכה

די צוקונפט איז דעם מענשען-קינד פאַרהוילען,
און האָט דער הימעל שלעכטס באַפוילען,
זיי גרייט צו אַלץ, און הער נישט אויף צו האָפען..

שושנה

מיט געוויין

אָ גאָטו ווי שרעקליך זענען דיינע שטראָפען!..

מילכה

שרעקליכער נאָך אונזרע אבות זינד...



מילכה, לאָז מיך איצט מיט מיר אַליין,
איך מוז פאַר גאָט מייז שווער געמיט פאַרגיסען.

מילכה

איך געה, קינד.

ווייַנט שטיל

מילכה געהט אַפּ צום הויז. שושנה געהט גאנץ לאנגזאם אין די ריכטונג פונ׳ם טייך. ס׳איז שון גוט נאַכט. די לבנה איז ליכט פארוואָלקענט.

שושנה

אויף די קני נאָך איניגע מאָמענטען שטיל-שווייגען

האר פון גאָר דער וועלט. -
אויב דער כוח איז נאָך נישט פול געוואָרען
וואַרף אַ בליק פון הימלישען געצעלט,
אין די טרערען מיינע לעש דיין צאָרען!
ווי אַ רויז פון שטורים-ווינט געשלאָגען,
בויג איך אַ פאַרביטערטער מיין קאָפּ צו דר׳ערד,
גיס איך אויס מיין האַרץ אין שטילע קלאָגען;
זעה, אַ שפילכעל בין איך פאר׳ן שונא׳ס שווערד...

זי וויינט גאַנץ שטיל.—ביידע שופטים קומען ארויס פון אונטער׳ן ווינשטאָק, שטעלען זיך אָפּ און באַטראַכטען זי מיט אַ געוואַלטיגער לײדענשאַפט.

עובד

זעה, ס׳איז אָפּגעדעקט איר שלייער.

עדיאל

אין די אויגען ברענט אַ פייער,
אויף די באַקען רינען טרערען...

עובד

שטיל... זי קאָן אונז נאָך דערהערען...

שושנה

בעטענדיג

ווייט פון מיינע אבות לאַנד פאַרטריבען,

וואָגעל איך אויף פרעמדער ערד אַרום;
ס'איז אין ערגעץ מיר קיין טרייסט פאַרבליבען,
נור דיין קללה יאָגט מיך אומעטום.
קומט מיר ווען אַ מענשען-בילד אַנטקעגען,
איז דאָס נור אַ ברענענדיגע שלאַנג,
וועלכע טרייבט אַראָפּ פון די וועגען,
און באַגלייט מיך מיט גיפט-געזאַנג...

זי חיינט ביטערליך

עובד

באַגייסטערט

שעהן און רייצענד ווי אַ קינד
אָהן דעם מינדסטען פלעק פון זינד!..

שושנה

שטעהט אויף, מאַכט עטליכע טריט און בלייבט שטעהן אַ פאַר'חלום'טע

עדיאל

ט'האָט זי זיך צו אונז געווענדט.

עובד

מיט באַגייסטערונג

ווייס ווי עלפאַנט-ביין די הענט,
און די האָר ווי עבען-האָלץ;
יעדער שטריך פון פנים שטאָלץ,
שטאָלץ און דאָך רחמנות'דיג,
ווי אַ קינדערישער בליק...

עדיאל

אויגען, שוואַרצע ווי די נאַכט...

עובד

ווי פאַר'חלום'ט!..



עדיאל

ווי פאַרטראַכט!..

עובד

איצט איז צייט מיט איר צו ריידען.

עדיאל

ניין, זאָל זי זיך פריער אנטקליידען
און איר שענקייט אונז אַנטפּלעקען:
דיין געזיכט וועט זי דערשרעקען...

עובד

דענקסטו, אַז זי וועט זיך באָדען?..

עדיאל

אַך, זי געהט אַרויס פון גאָרטען!..

עובד

לויף געשווינד צום טויער. דאָרטען,
און פארשטעל איר אַלע וועגען!..

עדיאל

אייל דיך. לויף איר גלייך אַנטקעגען!..

עדיאל שטעלט זיך אוועק ביים טויער הינטער אַ בוים. עובד לויפט איס אנטקעגען

שושנה

באַמערקענדיג עובד'ן שפּרינגט צוריק מיט ערשטוינונג

אַ פרעמדער מאַן אין גאָרטען!

עובד

פעסט געשלאָסען טיר און טויער,
אויסער אונז, קיין אויג, קיין אויער...

שושנה

אומרוהיג

אין מיט מיין מאַן, מיין פֿאָטער שלעכטס געשעהן?
דו ווערסט דאָך נישט אומזיסט דעם מנהג ברעכען,
און פֿון אַ פֿרוי, די איינזאַמקייט פֿאַרשוועכען?

עוֹבד

באַגייסטערט

הימליש ווערען פֿול מיט צניעות'דיגען חן!..

שוֹשנה

דערצעהל, געשווינד, מיין האַרץ נישט שוין;
דער צווייפֿעל מאַכט נאָך שווערער מיין געמיט!..

עוֹבד

יעדעס וואָרט דיינס איז אַ געטליך ליד,
עס פֿאַר'שכור'ט ווי אַ צויבער-טרוים...

שוֹשנה

מיט אומגעדולד

אַלטער, דיינע רייד פֿאַרשטעה איך ניט!

עוֹבד

לאַנג שוין גליסט איך דיר מיין ליבע צו פֿאַרטרויען,
אָ שושנה, שענסטע פֿון די פֿרויען!

שוֹשנה

ערשטוינט

גאָט!.. וואָס הערען מיינע אויערען!..

עובד

ווי אַ דורשטיגער נאָך וואַסער,
האָט מיין האַרץ נאָך דיר געלעכצט.
טאָג ווי נאַכט געזיפֿצט, געקרעכצט,
און גליקליך בין איך דאַן געווען,
ווען כ'האָב אין טרוים דיין בילד געזעהן.



בלויז דער שאָטען פֿון דיין קלייד
טרינקט מיך אָן מיט זיסער פֿרייד
און פֿאַר'שכור'ט מיין געדאַנק:
קינד, איך בין פֿון ליבע קראַנק!

שוֹשנה

מיט אויפֿרעגונג

אַלטער, האָסטו דיין פֿאַרשטאַנד פֿאַרלאָרען?..

עדיאל

באַגייסטערט און צו זיך אליין

געטליך אין איר צאָרן!..

עוֹבד

חניפֿה'דיג

פֿון מצרים'ס טעפּיכער, די שענסטע,
האָב איך אַ געלעגער צוגעגרייט,
צווישען פּורפּור-ווענט מיט אופֿיר-גאָלד באַנעהט,
תרשיש'ס איידעלשטיינער, פּעריל אַלערליי
שימערען אויף ליינען ווייסע ווי דער שניי;
פֿיינסטע עפּיל-ריחות טרינקען אָן די לופֿט,
מירר, אַלאָע, צימרינג רייצען מיט זייער דופֿט. —
וואָרום זאָלסטו ליידען?. דיך אומזיסט באַטריבען?
קום, אָ קום, שושנה! ליב, און לאָז דיך ליבען!

שוֹשנה

מיט אַפּשוי

עס האָט אַ בייזער גייסט דיך אָנגערירט,
אָ אַלטער, טאָרסט דאָ לענגער נישט פֿאַרבלייבען!..

עוֹבד

געהט צו צו איר נאָענט

ווילסטו מיך פֿאַרטרייבען!

שוֹשנה

צו שוידער

איך שרעק פאַר דיר!.. מיין גאַנצער קערפער פריִרט!

עובד

מיין בייזער גייסט ביסטו..

שושנה

גײה ...פאַר גאָט די הענט פאַרשפרייט...
בעט!..

עובד

שפרייט אויס די הענט צו שושנה'ן

איך שפרייט זיי אויס פאַר דיר, אָ קינד!

שושנה

זיך צוריקציִהענדיג מיט עקעל

עס לויערען אויף דיינע טריט די זינד!..
גײה!..

זי לאָזט זיך לויפען

עובד

כאַפּט זי אָן

געהסטו נישט מיט גוטען, העלפט קיין בעטען,
וועל איך צווינגען... וועל איך נייטען!..

שושנה

זיך רייסענדיג

גאָט, מיין גאָט!..

עובד

מיט כעס

דיין פנים צודעקען מיט שפּאָט,
דיין האַרץ פון שטאָל און אייזען צו באַשטראָפען!
אַנ'עדות זיין, אַז כ'האָב דיך דאָ געטראָפען



אין ד'אָרעמס פון אַ פרעמדען מאַן...

שושנה

מיט טרערען

איז שוין קיין גאָט אין הימעל נישט פאַרהאַן!..

עובד

סיריש

איינס פוןביידע: שטאַרבען אָדער געהן!..

שושנה

שטאַרבען!..

רייסט זיך פארצווייפעלט

עובד

מיט מיר!..

ציהט זי צו זיך

שושנה

ניין!..

עובד

איר ווײנשרייענדיג צינגיש אין געזיכט אריין

אין די אָרעמס פון אַ פרעמדען מאַן!..

שושנה

שרייט פארצווייפעלט

העלפט מיר!.. העלפט!..

פון נעבען הויז הערט מען שטימען, וואָס דערנענטערען זיך

עריאל

פון נעבען טויער

עובד, גיך, אַנטלויף, מען קומט!..

עוֹבד

מיט טירישער ליידענשאפט

אין די אָרעמס פון אַ פרעמדען מאַן!..

שוֹשנה

פארצווייפעלט

העלפט מיר!.. העלפט!..

פאלט אָנמעכטיג

עוֹבד

לאָזט אָפּ איר האנט און לויפט ארויס פון גאָרטען. זיך ארומקוקענדיג רעכטס און לינקס, א דערשראָקענער

מילכּה און אַ דינסט

קומען אָן פון נעבען הויז צולויפען

די דינסט

דערשראָקען

וועה! די האַרינטע איז טויט!..

מילכּה

אויפזוצענדיג שושנה׳ן

נישט זוי שרעקליך איז די נויט.
זי האָט דעם טאָג אין פאַסטען צוגעבראַכט,
און דער הונגער האָט זי אָפּגעשוואַכט.
העלף מיר זי אַריינטראָגען אין הויז.

בשעת ביידע נעמען אָן שושנה׳ן זי אריינצוטראָגען אין הויז אריין, פאלט דער פאָרהאנג לאנגזאם



בילד ג

אַ גאָרטען-זאַל אין נבוכדנאצר׳ס פאַלאַץ, אין בבל מאָרגען-דעמערונג.

דער קעניג

אין מאָרגענמאַנטעל, בלייך, האָר און באָרד צעשויבערט, קוקט אומרוהיג אין פאָרשעריש פון אלע זייטען

וואו זענט איר ערגיץ מיינע עצה-געבער?
איידלע האַרען!.. אויסגעפוצטע טויטען-גרעבער!..
גראָבט איר ערגיץ פרישע קברים?
וועבט אייך ווילדע קינאה נייע שקרים?
אָדער ליגט איר גאָר, ווי מייז אין איירע לעכער,
און גיסט-אָן פאַר מיר מיט סם דעם בעכער?..
שיצער מיינע!.. זיילען פון מיין קעניגרייך!..
יוי איך האַס אייך! ווי איך ציטער צווישען אייך!..

ער קוקט זיך ארום אומרוהיג פון אלע זייטען

מיאוסע ווערים! איר פאַרפעסטעט מיר די לופט!
איר נאָגט די פיינסטע בלום אויס און פאַר׳סמ׳ט איר דופט...
ליליען ווערען שוואַרץ און וועלקען פאַר אייער בליק;
ד׳ אומשולד ציטערט, שפרינגט מיט שוידער צ׳ריק,
ווי איר לאָזט פון ווייטען אייער שטים זי הערען —
פאַלשע זיפצער!.. קראָקאָדילען-טרערען!..

טלמוֹן

אויף דעם קעניגס גנעדיגען באַפעהל,
איז דער שטערען-זעהער, פשחור...

דער קעניג

אומרוהיג

זאַל ער קומען...

טלמון

זיך פארנייגענדיג ביז צו דער ערד, וויל זיך צוריקציהען

דער קעניג

באפעלעריש

ווארטען!..

טלמון

זיך פארנויגענדיג

דעם קעניגס גנעדיגער באפעהל?..

דער קעניג

האט די וואך איר שטעל פארנומען?

טלמון

מעג זי זיך ערלויבען דא צו שטעהן?

דער קעניג

יא... נאך איידער פשחור וועט מיך זעהן...

טלמון

פארנייגט זיך ביז צו דער ערד און געהט אפ

דער קעניג

זיך אומקוקענדיג אומרוהיג פון אלע זייטען ציטערט פון צייט צו צייט אויף

ווי א פישער אויף דעם ברעג פון טייך,
שטעה איך יארען לאנג שוין צווישען אייך,
גיב אומזיסט מיר מיה אנ׳ערליך הארץ צו פאנגען;
איך ציה מיין נעץ ארויס, און ער איז פול מיט שלאנגען..
וואלט נישט בעסער זיין אין ווילדען וואלד צו לעבען,
און מיט בוימער גלייך א שטילען חלום וועבען?
מארגען-טוי צו טרינקען, גראז פון פעלד צו עסען,
און דאס מענשען-הארץ אויף אייביג צו פארגעסען?..



איניגע סאלדאטען, געפירט דורך טלמונ׳ן, קומען אריין און פארשטעלען אלע אויסגענג.

פשחור

קומט אן און פארנייגט זיך ביז צו דער ערד

דער קעניג

ווארום, א דו קלוגער, זאל דאס אזוי זיין,
אז דאס הארץ פון קעניג זאל פון לוסט צו פיין,
ווי א טרוקען בלאט פון ווינט געשליידערט ווערען?
מוז דען יעדע פרייד דעם מענשען קאסטען טרערען,
די נשמה אים מיט וועה דערפילען,
שפינען, וועבען פינסטערע געפילען,
וועלכע פרעסען אויף, דערשטיקען יעדע מאכט?
אומרוה, ספיקות, שרעק, פארדאכט..
הא!.. דו ציטערסט ביי דעם שוידערליכען ווארט?
האלטסט דיך קוים שוין אויף דיין ארט,
גלייך ווי די נקמה וואלט איצט קומען שטראפען..
אבער נישט צו דעם האב איך דיך היינט געטראפען. —
כ׳האב די נאכט א מורא׳דיגען חלום ג׳האט,
ער צומישט מיין גייסט און מאכט מיין קערפער מאט:
א חלום שווארצער, ווי די נאכט פון א געוויטער!
און ס׳נעמט מיך אן א פיבערדיגער ציטער.
יוען איך פרעג מיך, וואס ער קאן באדייטען...

פשחור

זיך בוקענדיג ביז צו דער ערד

ביז צו ענדע פון די צייטען
זאל דער גרויסער קעניג לעבען!

דער קעניג

אויף מיין חלום זאלסטו מיר א פתרון געבען.

פשחור

זיך בוקענדיג

אום דעם חלום ריכטיג צו באשיידען,
וואָלט איך בעטען, אַז דער קעניג זאָל פריער ריידען
און זיין קנעכט די זאַך גענוי דערצעהלען,
ועט דער פתרון זיכער איָם נישט פעהלען

דער קעניג

נערוועז

יאָ... דער חלום... ער איז פון מיין גייסט פאַרשוואונדען,
ווי די שרעק האָט מיינע אויגען אויפגעבונדען...
נור די פינסטרע ווירקונג אירע איז פאַרבליבען...

פשחור

ציטערענדיג

גרויסע געטער! ..

דער קעניג

נערוועז

אַ געדויש, אַ הויך אַ שאָטען אויף דער וואַנט,
אַ באַוועגונג פון מיין אייגנער האַנט,
אַלצדינג פלאָגט מיך, שרעקט מיך און פאַרפרירט מיין בלוט:
לענגער דאָס צו ליידען פעהלט מיר שוין דער מוט. —

פשחור

או סער זיך פון שרעק

גרויסע געטער!..

דער קעניג

געביטעריש

וועסטו מיר דעם פתרון היינט נישט געבען,
דאַן, אָ פשחור, ציטער פאַר דיין לעבען!..
פון די רויטע פלאַמען וועסטו זיין דאָס רויב,
און דיין האָב און גוטס צעשטער איך ביז צו שטויב!..



פשחור

מיט שרעק

האַר מיין קעניג!..

דער קעניג

חייכער

זאָגסטו מיר דעם חלום און זיין פתרון אויס,
איז פאַר דיר אַלס לוין, קיין זאַך צו גרויס.
וואָס דיין האַרץ באַגערט-פאַרלאַנג:
ביז אַ האַלבער קרוין, איך גיב זי דיר מיט דאַנק!
אָנגעטאָן אין קעניגליכען פורפור-קלייד,
דיין האלז באַהאָנגען מיט אַ גאָלדענער קייט,
ביי דיין זייט—מיין רייכסטער דימענט-שווערט,
וועסטו דורך די בבל-גאַסען רייטען
אויף דעם קעניגס העכסטען פערד.
און פון נאָענט, און פון ווייטען,
ווער עס וועט דיין כבוד זעהן,
וועט זיין קאָפ מיט ערפורכט פאַר דיר בויגען:
אַלצדינג, ווי דו זעהסט, העננט אָפּ פון דיר אַליין.

פשחור

אין פאַרלעגענהייט

אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען,
האַר מיין קעניג, דאַרפסטו פריער וועלען
פאַר דיין טרייען קנעכט דעם טרוים דערצעהלען.

דער קעניג

מיט פאַרדרוס

יאָ, איך זעה, דו ווילסט מיך היינט באַטריגען
נור מיט פאַלשע ווערטער און מיט ליגען.
האָסט פאַראויס אַנ'ענטפער אָנגעגרייט
און אַצינדערט וואַרטסטו נור אויף מיינע רייד.
כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב אַלץ פאַרגעסען

אויסער יענער שרעק, וואָס הערט נישט אויף צו פּרעסן;
ווי אַ בייזע שלאַנג, און נאָגט מיין בלוט מיר אויס...

פשחור

פאַר זיך

הימעל כּוחות!.. די געפאַר איז גרויס!..

דער קעניג

אין כּעס

זאָג דעם חלום וועל איך וויסען, וואָס דו ביסט,
אַנדערש איז דיין בעטען גאַנץ אומזיסט!..

פשחור

מיט אויסגעשפּרייטע הענט

האַר מיין קעניג, מאַך נישט בייז די געטער!
ס׳וועט דער גרעסטער קענער פון דעם שטערן-גאנג
נישט באַפרידיגען דיין שרעקליכען פאַרלאנג! —
אויך איז נישט פאַרהאַן קיין הערשער אויף דער וועלט,
וואָס זאָל האָבען ווען אַמאָל...

דער קעניג

אויסער זיך

קיין וואָרט!.. טו, וואָס מיר געפעלט..

פשחור

ד... מיין קעניג! ווילסט די געטער צווינגען!..

דער קעניג

ווען׳ די געטער ליבען וועלען זיי באַשיצען,
דינסטו זיי געטריי, דאַן זאָלען זיי דיך שטיצען. —
טלמון, מיין באַפעהל זאָל ווע־ען אויסגעפירט!..



פשחור

אויף די קניען מיט אויסגעשפּרייטע הענט

האַר מיין קעניג!..

דער קעניג

מיט פאַראַכטונג

יאָ, איך זעה, איר האָט בײַ איצט מיך נור פאַרפירט!..

אָפּ

פשחור

א פאַרצווייפעלטער

אָ קאַפּריז... אכזר׳ישע געוואַלט!..
וועה!.. וועה!..

חיל אנטלויפען

טלמון

באַפעהלענד

שטעה!..

פשחור

א צעמישטער

בין איך שוין געפאַנגען אין דעם קעניגס הויז?

טלמון

שטרענג

קיין טריט פאָראויס!..
טויט, פאַרניכטונג וואַכט אויף אַלע טירען...

פשחור

מיט געבעט

טלמון, ווילסט דיין אַלטען פריינד פאַרלירען?..

תלמון

ס׳איז דעם קעניגס דריַנגענדער פֿאַרלאַנג.

פשחור

זיך רייסענדיג די האָר פֿון קאָפּ

אָ, דו שרעקליכער געדאַנק!
זיין דאָס רויב פֿון ווילדע פֿלאַמען?..

טלמון

און דיין האָב און גוטס מיט דיר צוזאַמען...

פשחור

מיט געבעט

נעם מיין האָב און גוטס און לאָז מיר נור מיין לעבען.

טלמון

צו דער וואך

ציהט אייך צ׳ריק און וואַרט; איך וועל אַ צייכען געבען.

די סאָלדאטען געהען אָפּ.

טלמון

דו האָסט אומזיסט דעם שטערען-גאַנג שטודירט,
מיין ליבער פשחור...

פשחור

מיט ציטערניש

וועט דער באַפעהל היינט ווערען אויסגעפֿירט?

טלמון

אויב קאָנסט דעם קעניגס חלום נישט באַשיידען.
נור הער, איך האָב מיט דיר וואָס צו באַריידען...



פשחור

ערלויב מיר צו אַנטלויפען;
כ׳בין גרייט דיר מיין נשמה צו פֿאַרקויפען!

טלמון

נאָכדענקענד

אין פֿלאַמען שטאַרבען איז קיין גוטע זאַך...
איך האָב מיט פֿלייס אַוועקגעשיקט די וואַך,
כדי...

פשחור

מיט פֿרייד

אָ טלמון, זיי מיין גואל, מיין באַפֿרייער!

טלמון

דיך לאָזען לויפען, קאָן מיך קאָסטען טייער,
כ׳פֿאַרמאָג אין גאַנצען נור איין קאָפּ...
נור לאָז דיין מוט נישט צופֿיל אָפּ;
דו קענסט דעם קעניגס גנאָד געווינען.

פשחור

איך וועל דעם חלום קיינמאָל נישט געפֿינען...

טלמון

פֿאַרזיכטיג

איך האָב אַ גוטע עצה דיר צו געבען:
אָ פשחור, ווילסטו שטאַרבען אָדער לעבען?..

פשחור

דיין באַגעהר? איך בין צו אַלצדינג גרייט!

טלמון

פֿאַר׳ן קעניגס חלום האָב איך אַ באַשייד.

פשחור

און דעם חלום ווער וועט מיר דערצעהלען?

טלמון

אויך פון חלום ווייס איך קליינע טיילען.

פשחור

מיט א נערוועזער פרייד

וועלכער גאָט, אָ טלמון, האָט זיי דיר אנטפּלעקט?

טלמון

אַ מענש פון בלוט און פלייש...

פשחור

אָ רעד!..

טלמון

וועסט קאָנען פרעגען... וועסט קאָנען הערען...
נור פריר פאַרלאַנג איך, דו זאָלסט שווערען...

פשחור

איך שווער אויף אלץ...

טלמון

ציהענדיג די ווערטער

ס'איז נישט גענוג צו בלייבען לעבען.
דער קעניג מוז דיר נאָך מתנות געבען,
און איבער אַלע קלוגע דיך דערהויבען:
דיך רימען זאָל ער, ווי זיין גאָט דיך לויבען...

פשחור

אומגעדולדיג

דו האַלטסט מיך צווישען האָפענונג און אַנגסט.
אָ ליבער טלמון, זאָג, וואָס דו פאַרלאַנגסט!
איך וויל... כ'בין גרייט... נור ווי אַזוי?..



טלמון

קענסטו שדרך, משך און עבד-נגו?

פשחור

די פאַרטריבנע פון יהודה-לאַנד?

טלמון

יאָ, נבוכדנאצרס רעכטע האַנט...

פשחור

שטעהט דיר ווער פון זיי אין וועג?

טלמון

מיט כעס

די פארשאָלטענע!
רויבען זיי נישט אונזער גליק אוועק?
פאלשקייט גילט ביי זיי שטאָט שווערט און בויגען.
זיי פאַרבלענדען יעדענס אויגען,
און דער מיאוס'ער קנעכט באַהערשט זיין שטאָלצען קעניג.
ווי די שפּסען מאַכען זיי אונז אונטערטעניג;
זאַמלען כבוד פיל און רייכטום אָן,
און דעם שטאָלצען כשדי זעהט מען קוים שוין אָן!..
האָב איך דען נישט מער רעכט צו פארלאַנגען
יענע הויכע כבוד-רייכע ראנגען? —
זיי פאַרנעמען אָבער אַלע שענסטע ערטער,
און דורך ליגנערישע ווערטער,
ווערען מיר די קנעכט פון אונזרע שקלאַפען!..
זאָג, וואָס נוצען די נצחונות'דיגע וואַפען,
לארבערען און די זיגער-קראַנצען,
ווען די זיסטע פרוכט פאַרצערט דער פיינד אינגאנצען?
ווען דער זיגער בויגט זיין קאָפּ פאַר דעם באַזיגטען?..

פשחור

דער, וואָס שטיצט זיי איז דער קעניג אונזער האַר.

טלמון

און דאָס לאַנד, אָ פשחור, איז אין אַ געפאַר.

ווער וועט וועלען אין אַ נויט זיין בלוט פֿאַרגיסען,
ווען אַלס פֿיינד, מען קאָן פֿיל מער געניסען?
און דעם קעניגס אויגען זענען שטאר און בלינד.

פשחור

קענען מיר דען האַנדלען געגען וואונש פון קעניג?

טלמון

געגען אַלץ! נישטאָ קיין ווידערשפעניג,
ווען אָנשטאָט געזעצען הערשען נור קאַפּריזען!

פשחור

דאָס האָט היינט דער קעניג קלאָר באַוויזען.

טלמון

ער פֿאַרלאַנגט ביי אונז, וואָס גאָט איז קוים אימשטאנד,
און די שונאים ווידמעט ער זיין לאַנד,
רינגט זיי אום מיט גלאַנץ און פּראַכט ווי פּרינצען.
ווער באַהערשט די בבל'שע פּראָווינצען,
ווען נישט שדרך, משך און עבד-נגו?
און דעם וואָרען כשדי טרעטען זיי ווי שטרוי...

פשחור

אמת, אמת...

טלמון

און ער זעהט נישט, אַז די גרעסטע האַרען,
פֿילענדיג די שרעקליכע געפֿאַרען,
האָבען זייער ליבע אים אַוועקגענומען:
פֿריער צו שפּעטער, מוז די ענדע קומען!..

פשחור

ערשטוינט

ביי די געטער, אַך, איר דענקט!..

טלמון

צו פֿיל ליבע האָ'מיר אים געשענקט.



ווייסט דער קעניג זי נישט אָפּצושעצען,
וועל'מיר שאַפֿען פעסטערע געזעצען...

פשחור

וואָס דאַרף איך טון, אום דיר צו דינען?

טלמון

צום טרום אַ פּתרון אויסגעפֿונען,
וואָס זאָל דעם קעניג מאַכען גלויבען,
אַז יודען ווילען אים דאָס לעבען רויבען...

פשחור

כ'ווייס נאָך נישט דעם טרוים, ווי קאָן איך אים באַשיידען?

טלמון

חטיפֿה האָט געהערט פון שלאָף אים ריידען.

פשחור

חטיפֿה... זיין קעפּס-ווייב?

טלמון

יאָ. דו וועסט פון איר זיך אַלץ גענוי דערוויסען,
אום די נאַכט זיין דרימעל צו פֿאַרזיסען,
האָט ער צווישען אירע שוועסטער זי געוועהלט.

פשחור

האָט זי דיר שוין אַלץ דערצעהלט?

טלמון

דו וועסט קאָנען מיט איר ריידען.

פשחור

מיט פֿרייד

אויב זי איז נישט שטום, וועל איך דעם טרוים באַשיידען!..
דאַרף מען זיך פֿאַר איר נישט שרעקען?

טלמון

מעגסט איר אַלץ גאַנץ פריי אַנטפּלעקן.
לייב און לעבען,
איז חטיפה איבערגעבען!..

פשחור

קאָן איך היינט זי זעהן?

טלמון

באַלד... בעסער פריער איידער שפּעטער.

פשחור

שטראַלענדיג פון פרייד

דריימאַל זייט געלויבט, איר גרויסע געטער!

ביידע אָפּ

עזריה און חנניה

קומען אריין

עזריה

עס שטאַרקען אונזערע שונאים זיך מיט גרויס ערפאָלג,
און ברענגען יעדע רגע נייע שרעקען.

חנניה

זאָל גאָט רחמנות אין קעניגס האַרץ דערוועקען!

עזריה

און מוט ביים פאָלק...
אין שטיקער איז זיין לייב צעריסען,
און טויזענט נעצען שטרויכלען זיינע טריט.
אין דרויסען ווילדעווען דעם אַכזר'ס פלאַמען,
און אין זיין אייגענער מיט —
פחדנות און פאַרראַט...
עדיאל טרינקט עס אָן מיט זיסע סמ'ען
און לעהמט זיין אָרים;
דער אַלטער חלקיהו, ווידער, רופט צום קאַמפּף.
ווי גלידער צאַפּלענדיג אין א גסיסה־קראַמפּף,



ערשיינט ישראל דיר אין זיינע וועהען...
אָט שטייגט ער צו די וואָלקענס אויף מיט אָדלערס גלייך;
אָט קריכט ער ווי אין שטויב א וואָרים,
און ווי א פראָש אין זומפּ פון טייך...
אָט בליצט זיין אויג פול צאָרן און ס'בלאַנקט זיין שווערט,
עס הילכט די לופט פון העלדישע געשרייען;
אָט לעסטערט ער מיט בייזען שפּאָט,
פאַרלייקענט זיך אַליין, זיין גאָט,
און פאַלט אַראָפּ פון הימעל צו דער ערד...

חנניה

און וויל עדיאל פון קיין פרידען הערען?

עזריה

צו פרידען, זאָג, וואָס צווינגט אים?

חנניה

צי פילטער נישט די אַלגעמיינע נויט?

עזריה

אים שרעקט ישראל'ס לעבען;
ער וויל זיין טויט...

חנניה

זיין טויט!..

עזריה

א טוט אָהן וואונדען און אָהן בלוט.
אין פאַלשען גליק פאַרוואַנדעלט ער דעם שונא'ס רוט,
און גיט אים דעמוטיג דעם פאָלק צו קישען.
מיט פרעמדע הייסט ער זיך פאַרמישען,
און אין דעם אַכזר—גאָטס געזאַלבטען זעהן...

חנניה

און נויגט אנ'אויער עמיץ צו די רייד?!.

עזריה

ר'איז נישט אַליין:

נאָך נישט צעשמעטערט איז די קייט,
נישט אָפּגעווישט דער לעצטער שוואַרצער שפּור
פון אונזערע אַלטע שרים.
די זיהן פון בניה און עזור
באַווייזען זיך פון זייערע קברים,
די רייען זיינע צו פאַרשטאַרקען.
אַ ווילדער לויפט ער אום דורך די געמאַרקען,
פון פאַלשע נביאים אומגערינגט,
און צווינגט,
אין שדי'ס נאָמען,
דעם מיאוס'ען יאָך צו טראָגען...

פון הייסען דערהערט מען מערערע שאַלען פון טראָמפּייטען, און באַלד דערנאָך
אַ זיסע רעליגיעזע מוזיק

מישאל

ומט צו לויפען אַנ'ערשעפּטער,

עזריה

רופט אים אנטקעגען

די קומסט אַ שלעכטע בשורה זאָגען!.

מישאל

ס'געצענדינסט האָט אָנגעפאַנגען,
הערט ווי ס'קלינגען די טראָמפּייטען;
הערט די ווילדע פרייד-געזאַנגען
און דאָס רופען פון די פלייטען!
די זאטראַפּען פונ'ם קעניג,
זיינע דינער, זיינע שקלאַפען
לויפען ווילד דורך די געמאַרקען,
און די הענט מיט בלויזע וואַפען.
ס'פלאַקערט העל דער קאַלעך-אויווען,
טויזענט אויגען פאָרשען, קוקען;
ווער איז דעם, וואָס האָט פאַרשפּעטיגט
צו דעם אָפּגאָט זיך צו בוקען!..
אויסגעלאָשען איז דער מיטלייד
אויף פאַר יונגע קליינע קינדער:



האָט אַ קאָפּ זיך נישט געבויגען,
מוז ער ברענגען צאָ״ד, דער זינדער!

חנניה

הימעל-פאָטער! שטרעק דיין האַנט אויס,
שיק די אומגליקליכע קינדער!

מישאל

שוידערליכע וועה-געשרייען
מישען זיך מיט האַרפען-לידער,
ווילדע אויגען צו דערפרעהען
צאַפּלען אומשולדיגע גלידער.
ס'העלפט קיין וויינען נישט פון מוטערס:
טויט—דאָס איז דעם אַכזר'ס צילען!
און ווען יונגע קינדער קרעכצען,
הייסט ער די טראָמפּייטען שפּילען.

חנניה

וועלען זיי קיין אָרט נישט שוינען?

מישאל

יעדער זינדער איז אַנ'אוצר
פול מיט קעניגליכע לוינען.
שקלאַפען ווערען איצטער האַרען,
און אַנ'אומריינע נשמה
האָט אַ ברירה היינט צו שטילען
אירע דורשטען נאָך נקמה...

די טראָמפּייטען לאָזען זיך הערען אַלץ דייטליכער און דייטליכער

חלקיהו

האָר און באָרד צעפלאַטערט, לויפט אריין אָנגעשפּאַרט אויף אַ גרויסען שטעקען

עזריה

דערשראָקען

ווי קומסטו הער?!

מישאל

ערשטוינט

אַליין!.. אין שרעקליכען געלויף!..

חלקיהו

איך ווייס נישט...
עס האָט אַ גוטער מלאך מיינע טריט געהיט...
פֿאַרלאָזט, זאָגט מען, איז איצט דער הויף,
ווי פֿעלדער נאָכ'ן שניט;
און ווער עס וויל, דער געהט אַריין...

עזריה

גאַנץ אומגעשטערט?..

חלקיהו

עס היט קיין וואַך; עס קלינגט קיין שווערט:
ביים געצענדינסט זאָל יעדער זיין...

מישאל

וואָס ברענגסטו אונז?

חלקיהו

דאָס בעסטע, וואָס איך האָב פֿאַרלאַנגט.

חנניה

זיי געלויבט, אָ גאָט! און זיי געדאַנקט!

חלקיהו

עס איז קיין איינציג האַרץ נישטאָ, וואָס שרעקט.
די גזרה האָט נור ווילדען האַס דערוועקט;
אַ הייליג, געטליך פֿייער אָנגעצונדען
אין אויפֿגעלעבט דעם וועה פֿון אַלטע וואונדען.
דאָס פֿאָלק דערפֿילט זיין טרויעריגען שטאַנד,
און נאָך נקמה ציטערט איצט זיין האַנט!
די יוגענט האָט געוואָלט זיך הייס פֿאַרשווערען



דעם נייעם אָפּגאָט צו צעשטערען.
און די וועלט צו איבערראַשען,
אין אכזר'ס בלוט די שווערדען אירע וואַשען...

די איבריגע

אָ, גאָט!..

חלקיהו

מיט שווערער מיה האָב איך זי אָפּגעהאַלטען.
באַשוואוירען זי, זיך רוהיג צו פֿאַרהאַלטען;
אַנ'אַלגעמיינעם תענית באַלד ערקלערט,
און דריי מעת-לעת דאָס עסען שטרענג פֿאַרוועהרט.
מיט פֿרייד האָט אים דאָס פֿאָלק אויף זיך גענומען.
און איצטער זעהט מען מחנות-ווייז זיי קומען
צו אונז מיט שווערט און בויגען אין די הענט.

עזריה

ערשטוינט

צו קעמפֿען געגען פֿיינד?

חלקיהו

געגען ברידער... געגען פֿריינד!..
איך האָב דעם קאַמפֿף אויף אונז אַליין געווענדט...
און וואָס דעם פֿיינד באַטרעפֿט,
מיין עצה הערט;
די האַנט צו זייט באַהעפֿט,
האַלט-איין אין שייט דעם שווערט,
און טיף אין האַרץ זאָלט איר דעם פֿאַנצער טראָגען.

מישאל

ערשטוינט

און לאָזען אומבאַשטראָפֿט דעם אכזר זיגען?..

חלקיהו

געפֿילען מיט געפֿילען קריגען...

נישט שטראָפן דאַרפט איר, נור זיך לאָזן שטראָפן!..

מישאל

און דאָס פאָלק איז גרייט?..

עזריה

פעהלט אים נישט קיין מוט?..

הלקיהו

אַ זון, וואָס שטראַלט איז יעדער טראָפן בלוט,
און יעדער קרעכץ—אַ בשורה'דיגער רוף;
די טרער, וואָס ער פאַרגיסט —
אַ קוואַל פון זעליגקייט, וואָס פליסט,
אַ וועג פול האָפנונגס-שטערען אויסגעזייט;
אַ ריזען-קייט!..
אַ פירער פעהלט אים—געהט!..

די איבריגע

מיר געהען!.. מיר געהען!..

פאָרהאַנג



## דריטער טייל

### בילד ד

דאָס דורא-טאָל.—אין פאָדערגרונט רעכטס—אַ פּרעכטיג קעניגליך געצעלט. טיף אין הינטערגרונט אין איין רייע מיט דעם געצעלט, נור אַרויסגערוקט אַ ביסעל אויף לינקס—אַ הויכער שמאָלער טורם מיט טרעפּן אַרויפצוגעהן. אויף 'דעם טורם—אַ קליין טעמפּעל געווידמעט דעם גאָט בל. געגענאיבער דעם טורם אַז פונקט אין דער מיט, ווי-זאַ-ווי די צוזעהער—אַ גרויסע גאָלדענע סטאַטוע, וואָס שטעלט=פאָר בל'ן זיצענדיג אויף אַ טראָן, ביי אַ טיש, די פיס אָנגעלעהנט אויף אַ פיס-בענקעל. צופיסען פונ'ם בילד, אַרויסגערוקט אויף פאָרענט=צו — אַ מזבח און רויט שטיינער, מיט גירלאַנדען באַהאָנגען. לינקס פון די צוזעהער — אַ געדיכט וועלדעל. אין אַ גאַנץ ווייטער פּערספּעקטיוו, לינקס און אויך געגענאיבער די צוזעהער, הינטער דעם בילד — הויכקייטען, וואו עס פלאַקערען פייערען. עס איז אַ גאַנץ טונקעלע נאַכט. אין שאָטען באַמערקט מען די קעניגליכע וואַך' צעשטעלט גרופּענווייז ביי אַלע מעגליכע אויסגענג

דער קעניג

אין אַ זעהר נערוועזן צושטאַנד

פשחור

אויף די קני נעבען דעם מזבח

דער קעניג

צו פשחור'ן

שטעה אויף פון דר'ערד און רעד
דענק איבער יעדעס וואָרט...
זעה, הייליג איז דאָס אָרט,
אין געטליכקייט געהילט,

און נאָך דיין פרום געבעט,
ואָל בל דיר בײשטעהן...

פשחור

מיט יראת-הכבוד

האַר מיין קעניג!..

דער קעניג

אַלץ מער אומרוהיג

דערצעהל, וואָס כ׳האָב געפילט,
וואָס כ׳האָב געזעהן ..
צעבלאָז די פינסטרע וואָלקען פון מיין גייסט:
אַ שלאַנג האָט אים אין יענער נאַכט געשפייזט,
אַ בייזע שלאַנג,
און ער איז קראַנק...

פשחור

האַר מיין קעניג!
די געטער האָבען אין דיין דרימעל...

דער קעניג

נישט רעד... נישט רעד פון דרימעל...
ער איז פאַרשוואונדען מיט מיין חלום גלייך,
זייט יענער נאַכט...
זייט יענער פינסטרער נאַכט
אין סודות רייך...
און וואָס מיר בלייבט?.. אַ דורשט נאָך בלוט...
נאָך פאַלשען מענשען-בלוט,
מיין אומרוה צו דערטרענקען...
און בין איך קראַנק.
זאָל אַלץ מיט מיר צוזאַמען קרענקען!..

פשחור

בוקט זיך צום אָפגאָט און שטעהט אויף



דער קעניג

און דאָך... עס גלויבט זיך קוים...
זיך זעה דעם טרוים פאַר מיר,
דעם גאַנצען טרוים!..
די פריער...
און טויזענד דומפע קולות וועקען.
און זעלטזאַמע געשטאַלטען שרעקען,
און אַלץ צערינט,
ווי נעפעל, לייכטער פאַר׳ן ווינט...
דאָס האַרץ נור בלייבט פאַרקלעמט
די צונג—געלעהמט...
נור פינסטערניש... אַ נאַכט...
אַ שוידערליכע נאַכט!..

פשחור

אָנקוקענדיג אַ ווײַלע דורכדרינגענד דעם קעניג, הויבט אויף די אויגען צום הי-
מעל פאַרשעריש און רעדט דערנאָך מיט זיכערקייט

אָ האַר מיין קעניג! דיין חלום איז מיר קלאָר.
וואָס ד׳האָסט אין שלאָף געזעהן, געשעהן וועט דיר אויף וואָר
די מעכטיגע פון ערד און הימעל,
באַווייליגען דיר אין דיין דרימעל
די טיפסטע סודות צו אַנטפלעקען:
עס שטעהען פאַר דעם קעניג נייע שרעקען!..

דער קעניג

אין ציטערניש

רעד, אָ פשחור, רעד...

פשחור

געחלומ׳ט האָסטו, אַז דו ביסט אין וואַלד...

דער קעניג

ציטערט אויף

אין וואַלד... יאָ, דאָס איז געווען אַ וואַלד...

אַ טײַך געדיכטער... פֿול מיט ריזען-בוימער.
פֿאַרלאָרען האָב איך אויף דעם וועג מײַן שומר —
און... און...

פאַרגעסט

פשחור

און אײַנזאַם ביסטו דאָרט געבליבען...

דער קעניג

אמת... אמת...

פשחור

געזוכט אַנ׳אויסגאַנג, שטעג נאָך שטעג געקליבען,
ביז צוגעפֿאַלען ס׳איז די נאַכט...

דער קעניג

מיט שרעק

אָ די נאַכט!.. די שוידערליכע נאַכט!..
ערד און הימעל האָט זי אײַנגעשלונגען...
און איך... און איך ..

פֿאַרגעסט

פשחור

אַ ווילדע שרעק האָט דײַן געמיט באַצוואונגען,
אָ גרויסער קעניג! דײַן געדאַנק צעמישט...

דער קעניג

מיט ציטערניש

אמת... אמת...
געפֿאַל׳ען בין איך צו דער ערד אַ מידער,
מיט בוימער גלײַך...
דעם שווייס געווישט,
אַ טײַך... אַ גאַנצער טײַך...
און מיט געלעהמטע גלידער..



דער ווינט... פֿון מערב זײַט... דער ווינט...

פאַרגעסט

פשחור

פֿון מערב האָט אַ ווינט זיך אָפּגעריסען,
און אַלע בוימער צו דער ערד געשמיסען,
נור אײנער...

דער קעניג

מיט ציטערניש

יאָ... אײנער נור, אָ פשחור, אײנער...

פשחור

נור אײנער, קעניג, איז געבליבען שטעהן,
מיט שטראַלען ליכט ארומגעוועבט.
דו האָסט דעם בוים געזעהן,
געמיינט — ער לעבט...

דער קעניג

ער האָט געלעבט!.. איך זעה אים נאָך אַצינד,
געטרייסעלט פֿון אַ פֿייערדיגען ווינט...
אין אָנהויב קליין, און שפּעטער—מעכטיג שטאַרק;
די צווייגען אויפֿגעקנוילטע, ווי אַ ריזען-באַרג
פֿון לויטער גין-גאָלד אויסגעשמידט...
און אין דער מיט —
די פרות ליכטיגע ווי פֿלאַם...
פֿון זילבער איז געווען... פֿון זילבער...

פֿאַרגעסט

פשחור

פֿון זילבער, אָ מײַן קעניג, איז געווען דער שטראָם.
און ביז די הימלען הויך זײַן שפּיץ:
פֿון וואָלקען העכער... העכער פֿון דעם בליץ...

דער קעניג

ער האָט געלעבט...
ווי דו, ווי איך געלעבט...
און ס׳האָבען חיות אַלערליי
אין שאָטען פון זיין צווייג אַ שוץ געזוכט;
געקליבען זיינע פרוכט
און זיך גענערט מיט זיי...
ער האָט געלעבט...

פשחור

און פון דעם הימעל-הויך,
ווי אין אַ זילבער רויך...
אין ווייסע שניי-געווענדער אָנגעצויגען,
אַנ׳אַלטער מאַן...

דער קעניג

אויסער זיך

אָ דער אַלטער!..
זיין שטרענגער בליק... די גיפטיג קאַלטע אויגען!..

פשחור

און פייגעל אַלערליי...

דער קעניג

מיט געהאַלטיגער שרעק

גענוג!.. ס׳ווערט אַלץ מיר קלאָר...
אָ די פייגעלי!..
קופער שנאָבלען... שפיזען-נעגעל!..
פריער קליין און נישטיג, ווי די טויבען מילד,
שפעטער אונערזעטליך פרעסעריש און ווילד...
וואַקסען ווי די ריזען... גרעסער אַלץ און דיקער,
באַלד ווי פעלזען גרויע, באַלד ווי וואָלקען שטיקער...
און דער אַלטער פירט זיי מחנות-ווייז צום בוים;
טויזענד קולות ברומען דומפיג ווי אַ תהום:
שטיקערווייז צעבראָכט אים! צווייג און שטאַם צעשטערט!
„און צום מענשען-קעניג אייערע נעגעל קערט!״....



כ׳פיל זיי אויף מיין לייב שוין!.. ס׳בלוטען טויזענד וואונדען!..
כ׳רייס אויף מיינע אויגען, אלץ איז מיר פאַרשוואונדען...

ער בלייבט ערשעפט. פויזע

פשחור

פאַרזיכטיג

דער חלום, אָ מיין קעניג! איז אַצינד דיר קלאָר.
זיין פתרון אָבער שרעקליך...

דער קעניג

אומרוהיג

זאָג מיר אים... אויף וואָר!..
זאָלסט קיין זאַך פאַרהוילען—
פשחור, איך באַפעהל!..

פשחור

אַ פתרון פול מיט גרוילען...

דער קעניג

מיט אומגעדולד

דערצעהל!..

פשחור

דער זילבער-שטאַם, וואָס ד׳האָסט אין שלאָף געזעהן,
מיט גאָלדענע צווייגען—דאָס ביסטו אַליין.

דער קעניג

איך האָב דאָס אויף מיין לייב געפילט...

פשחור

און יענע פרעמדע פייגעל פריער זאַנפט און מילד
און שפעטער אונערזעטליך, פרעסעריש און ווילד—
דאָס זענען פרעמדע שבטים לאַנג פון דיר באַזיגט:
דיין הערשאַפט צו פאַרוויסטען, ווערען זיי געשיקט.

דער אַלטער איז אַ קעניג, אָדער גאָר אַ גאָט...

דער קעניג

פון וועלכען אָרט, אָ פשחור? און פון וועלכער שטאָט?..

פשחור

פון מערב האָט דער שטורם זיי צו דיר געבראַכט.
פון מערב, אָ מיין קעניג..

דער קעניג

פון מערב, יאָ.. אין יענער פינסטערער נאַכט...
די זאַך איז קלאָר... וואָס בלייבט צו טון?..

פשחור

די געטער עהרען;
דעם בעסטען פורפור-וויין זיי גיסען...
און איידער ס׳וועט צום צווייטען מאָל די זון,
איר גאָלדנעם וואָגען צו דעם מערב קעהרען,
וועט זיך אַ טרייער קנעכט פון אַלץ דערוויסען.

דער קעניג

עפֿנענדיג ברייט זיינע אָרעמס

קום הער, אָ פשחור קלוגסטער פון די קלוגע!
דו האָסט מיין ווילדע שרעק פאַרטריבען;
אַ גאָט האָט דורך דיין מויל מיין טרוים באַשיידט.
און ווען נור די אַלמעכטיגע ליבען,
פאַר דעם איז אויך דעם קעניגס חסד גרייט.

ער קושט אים אין שטערען

כ׳האָב לאַנג נאָך אַ געטרייען פריינד געגאַרט;
און דעם צוליב מיין אוצר נישט געשוינט.
די פאַלשקייט האָט מיין גלויביגקייט גענאַרט —
זאָל זיין צום ערשטען מאָל די ערליכקייט באַלוינט!

ער דערלאַנגט אים זיין [illegible]ערט

פשחור

אויף די קני אים דערהאַלטענדיג



ביז צו ענדע פון די צייטען
זאָל דער גרויסער קעניג לעבען!

דער קעניג

אָפּגעהענדיג

דאָס איז אַ קליינער אָנהויב,
פון דעם וואָס איך וועל געבען...

דער קעניג און די װאַך—אָפּ

פשחור

בלייבט לאַנג נאָך אויף די קניען אים נאָכקוקענדיג

טלמון

קומט פון הינטערן טורם

וואָס איז געשעהן, אָ פשחור?

פשחור

מיט פרייד

איך האָב דעם טרוים ערקלערט—
דאָ איז דער לוין...

טלמון

דעם קעניגס שווערט.

פשחור

שטעהט אויף

ער האָט מיר צוגעזאָגט אַ האַלבע קרוין.
נאָך מער...

טלמון

ערשטוינט

דאָס גלויבט זיך שווער...

פשחור

*מיט פרייד*

מיך פריינד גערופען... פריינד... דו הערסט!
שוין נישט מער קנעכט...

טלמון

*מיט א באהאלטענער קנאה*

ער בויט און ער צעברעכט,
צעברעכט און בויט;
אלץ קאפריזען...

פשחור

ער האָט מיר זיין געמיט פאַרטרויט:
די טיפסטע אַכטונג מיר געוויזען.

טלמון

*זיך נישט באהערשענדיג*

און האָסטו אין דיין גרויסקייט נישט פאַרגעסען
דיין קליינקייט פון דעם לעצטען טאָג? .

פשחור

*ערשטוינט*

וואָס מיינסטו דערמיט? זאָג...

טלמון

איז טלמון פון געדאַנק דיר שוין אַראָפּ?..

פשחור

*איט גלעטענדיג*

אָ טלמון, שטאָלץ טראָג איצט דיין קאָפּ;
די שונאים וועלען מאָרגען אַלץ דערפילען...

טלמון

האָסטו אַ וועג געמאַכט פאַר מיינע צילען?

פשחור

נאָך מער... אַ וועג צו טלמונ׳ס גרויסקייט.



נאָך מאָרגען, טלמון, וועסטו זיין דערהויבען...

טלמון

יאָל איך גלויבען...

פשחור

דערהויבען איבער אַלע גרויסע הארען.

טלמון

זאָג פשחור, ווי אַזוי?..

פשחור

פון מערב דראָען די געפאַרען...

טלמון

פון מערב שטאַמט עבד-נגו...

פשחור

און אַלע אַנדערע פון יהודה.

טלמון

איך הויב דיך אָן פאַרשטעהן...

פשחור

גוט... און מאָרגען באַלד נאָך זון-אויפגאַנג,
ווי נור דו וועסט דעם קעניג זעהן,
זאָלסטו די שולדיגע פאַר אים...

טלמון

גענוג... איך הער דאָ וועמעס שטים...
מיין טיפסטען דאַנק!..

פשחור

קום!..

*ביידע אָפּ אין געצעלט אריין*

## חנניה, מישאל און עזריה

באַגלייט פון אַ גרויסער צאָל יונגעלייט, באוואָפנטע, קומען אָנצולויפן אין אומאָרדנונג דורך פאַרשידענע זייטן

מישאל

צו די יונגעלייט

שטאַרקט אייך, ברידער! נישט געשראָקן!
אין געשלאָסנע מחנות געהט!

די יונגעלייט

מיר זענען גרייט!..

מישאל

פייל און בויגן אין די הענט,
אויף מזרח זייט די אויגן ווענדט!..

די יונגעלייט שטעלן זיך אויס ביים וועלדעל, די פנים'ער געווענדט צום הינטערגרונט

חנניה

אָ גאָט, דו זאָלסט דיין פנים נישט פאַרהוילען!

עזריה

מיט ביטערניש

נייע פיינען, נייע גרוילען
טראָגט אין זיך דער דריטער מאָרגן...

מישאל

פאַרטרייב די אומפרוכטבאַרע זאָרגן;
צו הייליג איז פאַר זיי די צייט!..

חנניה

יהוה קריגט אויף אונזער זייט...

עזריה

מיט ביטערקייט

איך האָב מיין שווערט מיט ברידער-בלוט באַפלעקט..



מישאל

אויך מיינער טריפט פון זעלבען בלוט...

עזריה

וועה צו אונז!..

מישאל

וועה צו דעם, וואָס צעגערט און, וואָס שרעקט!..

עזריה

פאַרטיליגט ווערט ישראל דורך זיין אייגנער האַנט...

מישאל

רחמנות איז אַ שאַנד!..

חלקיהו

קומט אָן פון הינטערן טורם. ער געהט אומזיכער און הערט זיך אויפמערקזאַם צ

צווישען ברידער?.. צווישען פיינד?..

בלייבט שטעהן אומרוהיג

מישאל

לויפט אים אנטקעגען

צווישען פריינד!..

חלקיהו

מישאל?..

מישאל

פרידען דעם פון גאָט געבענטשטען!..

עטליכע יונגעלייט

זאָל לעבען חלקיהו!..

אַנדערע

באַגייסטערט

אונזער האַר!..

אַנדערע

אונזער לערער!..

מישאל

וואָס ברענסטו אונז?

חלקיהו

דער קאַמף ווערט הייליגער און שווערער...

עזריה

מיט ביטערקייט

אונזערע פאַרליִרען?..

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג

דער אמת זיִנגט!...

חנניה און מישאל

דערצעהל... דערצעהל!..

חלקיהו

דער איִנערליִכער שונא איִז דערשטיִקט.
פאַראייניזאַמט שטעהען דיִ פאַרפיִרער
און בלאָזען אונמעכטיִג אַ שוואַכען פונק איִן אַש,
פאַרטויבט, פאַרשוואומען איִז דער רעש
פון פאַלשע רייד!..
צעשמעטערט יענע שוואַרצע קייט,
וואָס האָט פאַרקנעכטען אונז געוואָלט.
און אונזער גאָט, אויף אָפגעטער פון גאָלד,
פאַרבייטען!..
זייט גרייט, עס קומען גליִקועליִגע צייטען!..

דיִ יונגעלייט

מיט באַגייסטערונג

באַפעל, מיִר ווען טון!..



חלקיהו

אין זעלבען טאָן

איִן טייכען בלוט, איִן נעפלען רויך געהט אויף אַ זון!...
איִן פלאַם געהיִלט קומט גאָט אַ נייעם בריִת פאַרשניידען;
ער האָט צום צווייטען מאָל זיין פאָלק דערוואָרבען...
געהט, טראָגט פאַר אַ זכרון איִם דיִ ליידען:
בבל — דער מזבח, מיִר — דער קרבן!..

עטליִכע יונגעלייט

מיִר זענען גרייט!..

אַלע

מיִר זענען גרייט!..

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג

איִר אַלע, וואָס איִן שדי'ס וואָרט נור גלויבט,
אָ הערט!
אַ לעצטען מאָל דיִ האַנט צום היִמעל הויבט,
און שווערט!
איִן אונזער אַש געהייליִגט זאָל ישראל ווערען!

אַלע

די הענט אין דער הויך

מיִר שווערען! מיִר שווערען!..

חלקיהו

אין זעלבען טאָן

ביים הייליגען הויז, וואו שדי'ס כבוד האָט געבליִצט;
ביים נביא'ס בלוט, וואָס אויף זיין שוועל נאָך שפריִצט;
ביי אונזערע גבורים'ס שטאַרקען אָריִם;
ביי דיִ מצבות און די אַלטע קברים,
וואָס שיִצען זיי'ר געביין;
ביי ציון'ס אייביִגען געוויין,
שווערט!..

אַלע

מיר שווערען!.. מיר שווערען!..

חלקיהו

באַפעלעריש

איצט געהט,
און זייט צו שטאַרבען גרייט!..

אלע אָפּ אין וועלדעל אריין. הויך עזריה'ן, וועלכער בלייבט א ווילע הינטער-שטעליג און קוקט זיך פאַרשעריש ארום

גחזי

אָנקומענדיג פון נעבען טורם

אָ אומגליק!.. אָ שאַנד!..

עזריה

פּאַסענדיג מיט שרעק דעם שווערט

אומגליקליכער! ווי וואַגסטו דאָ צו געהן?..

גחזי

אָ האַר! ס'איז שרעקליכעס געשעהן!

עזריה

אומרוהיג

רעד גיך, מען היט אונז אומעטום.

גחזי

אָ גאָט! פאַרוואָס בין איך נישט שטום!..

עזריה

האָס אמאָל מער אומרוהיג

וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען?..

גחזי

מיט פאַלשע טרערען

הימלען, גיט אים כח דאָס צו דערטראָגען!..



עזריה

מיט אומגעדולד

גחזי!..

גחזי

וויינענדיג

האַר! שושנה...

עזריה

אין שרעק

געשטאָרבען?..

גחזי

אין זעלבען טאָן

נאָך ערגער...

עזריה

אים אָנכאַפּענדיג מיט אומגעדולד

אָ רעד, וואָס איז געשעהן?!

גחזי

אין ד'אָרימס פון אַ פרעמדען מאַן...

עזריה

אים אָפּשטויסענדיג ברוטאַל

דו קנעכטישע נשמה!..

גחזי

צוויי עדות, האַר...
דאָס פאָלק איז אויפגערעגט און זוכט נקמה...

עזריה

די עדות, זאָג, ווער זענען?..

גחזי

ביידע שופטים... ביידע זקנים...

עזריה

עדיאל בן-צוק?..

גחזי

און עובד בן-סיטרא...

עזריה

הימלען, ווערט פארפינסטערט!..

ער צערייסט פאר וועהטאג זיינע קליידער, און בלייבט שטעהן ווי פארשטיינערט. פון וויטען דערהערט זיך א זאנפטע רעליגיעזע מוזיק, וועלכע ווערט פון צייט צו צייט איבערגעריסען דורך דעם שאלען פון טראמפייטען

גחזי

אין שרעק

האר, די כשדים קומען בעטען:
הער, ווי ס'קלינגען די טראמפייטען...
אויב מען טרעפט אונז...

עזריה

נישט הערענדיג, וואס מען רעדט צו אים

שושנה אין די ארעמס פון א פרעמדען מאן...
צי איז אין טיגערס הארץ נישט מער געפיל פארהאן?..
איז נור א שלאנג פארפירעריש און שלוי?..
א טיגערס, שלאנגען, איידלער זענט איר פון מיין פרוי!..

ער לויפט א פארצווייפעלטער אוועק אין דער ריכטונג פון טורם און פארשווינדט גחזי געהט אים לאנגזאם נאך

עובד בן-סיסרא און עדיאל בן-צוק

קימען אן פון נעבען טורם, זיי רוקען זיך ווי די שאטענס. זענען זעהר פארזיכטיג און אויפמערקזאם צום מינדסטען געריש

עדיאל

ווער זענען זיי, וואס ווילען מיינע הירטען זיין
און לערנען מיך ווי אזוי צו לעבען?
ס'איז קיינער מער קיין שעפס אין מיינע יארען!



און דארף איך עצות, בין איך אלט געווארען
מיר זיי אליין צו קענען געבען...

עובד

זאל געהן אין פייער ווער עס וויל;
איך פיל מיך בעסער וואו ס'איז קיל. .

עדיאל

ווער גיט זיי דען דאס רעכט דערצו,
צו רויבען ביי דעם פאלק זיין רוה?..
צו שאפען פאר אים צוואנגס-געזעצען?..
צו ייען פאר אים אומגליקס-נעצען?..

עובד

איך האב דאס שוין פון לאנג געטראכט.

עדיאל

צו קורץ די האנט, צו קליין די מאכט
איך זאל מיך לאזען פירען —
איך בלייב ביי דעם געבעט!..

עובד

דער טויט קומט קיינמאל נישט צו שפעט
איך וועל פון ארט נישט רירען...

עדיאל

דו בלייבסט מיט מיר?

עובד

איך געה נישט פונ'ם ארט.

עדיאל

דיין צוטרוי מאכט מיר פרייד.

עובד

און מיר דייןווארט.

קאָסטבאַרער ווי פּעריל זענען דיינע רייד.

עדיאל

קום לאָ׳מיר דאָ צוזאַמען זיצען.
נישט שרעק... טו אַלץ וואָס איך:
די טונקעלקייט וועט אונז באַשיצען
טו-אָפּ פון דיינע פיס די שיך
און זעץ דיך נעבען מיר גאַנץ נאָנט.

עובד

פאָלגט

מיר זענען ערשט נישט לאַנג געזעסען..

עדיאל

דאָס וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסען —
עזריה׳ן איז שוין אַלץ באַקאַנט:

עובד

דעם פונק האָט גחזי אָנגעצונדען.
די שרפה ברענט, שוין שווער זי צו פאַרלעשען.

עדיאל

דאָס פאָלק איז אויפגעבראַכט,
און וועט נאָך היינט ביינאַכט
צו חלקיהו׳ס הויז...

עובד

ער האָט געזייט, געשניטען, זאָל ער דרעשען...

עדיאל

זיין מאַכט ביים פאָלק, איז אויס!..

עובד

נאָך מאָרגען וועלען מיר שושנה׳ן זעהן?

עדיאל

איר טויט איז זיכער.



עובד

אַ שאָד! זי איז זוי שעהן!..

עדיאל

מיר האָבען דאָס געמוזט..
איר פאָטער׳ס הערשאַפט צו צעברעכען...
און וואָלטען מיר דאָס נישט געטאָן,
וואָלט זיך דאָס פאָלק פון אַלץ דערוואוסט,
און דעמאָלט...

מ׳הערט קלינגען די טראָמפּייטען

עובד

מיט שרעק

זיי גרייט... די פריסטער קומען אָן.

זיי שטעלען זיך ביידע אויף די קניען די קעפּ ארונטערגעלאָזען אויף דער ברוסט, און בלייבען שטעהן אומבאַוועגליך געגען בילד.

ס׳איז די צייט פון מאָרגענדעמערונג. — פון הינטערגרונט באַווייזען זיך גרויסע מחנות כשדים עלטערע און יונגערע, פאַרשידענפאַרביג געקליידעט; זיי שטעלען זיך אָפּ אין דער טיפקייט, לינקס, געגענאיבער דעם בילד, לאָזענדיג צווישען זיך אינ׳ם בילד אַ געגוג ברייטען רוים. באַלד דערנאָך באַווייזט זיך אונטער באַגלייטונג פון אַ זאַנפטער רעליגיעזער מוזיק, וועלכע, קומט פון הייס, דער גר׳ס-פריסטער פון בל. אַנ׳אַלטער גרייז-גרויער מאַן, אין אַ לאַנגען גאָלד-פאַר-ביגען קיטעל, אַ גאָלדענע מיט איידעלשטיינער באַפּוצטע טיארע אויף דעם קאָפּ. אין די הענט—אַ פאַן מיט הייליג-פייער. אַ לאַנגע שורה יונגע פריסטער אין ווייסע קיטלען, מיט בלומענקרענץ אויף די קעפּ, מיט לאַנגע ביז צו דער ערד ציהענדיגע טיילען אויף די מיילער, געהען אים לאַנגזאַם נאָך. דער ער-שטער פון זיי טראָגט אַ טאַץ מיט הייליגע פלאַנצען; דער צווייטער — אַ טאַץ, אויף וועלכער עס שטעהען מערערע קליינע וואָזען מיט האָניג, מילך און מעהל, פון די איבריגע טראָגען איינינגע, ברענענדיגע פאַקלען אין דער האַנט; אַנדערע—רויכער=קענדליך; און די לעצטע—גאָלד-פאַרביגע פענדלעך, אויף וועלכע ס׳איז אויפגעמאָלט אַ גלאָבוס, האַלב-שוואַרץ, און האַלב-ווייס. באַלד נאָך די פריסטער טראָגט מען דעם קעניג אויף אַ גאָלדענעם טראָג-שטול. ביי זיין רעכטער האַנט געהט פשחור אָנגעטון אין אַ לאַנגען פורפור-מאַנטעל: אויף זיין ברוסט גלאַנצט אַ גאָלדענע קייט. הינטער דעם שטול, פירען זאַטראַפען נאָך דאָס קעניגליכע

ערד; עס איז באַקראַנצט מיט בלומען און באַצירט מיט טייערע צירונגען. הינ־
טער׳ן פערד—אַ געהיסע צאָל גרויסע הערען. דער קעניג און די הערען שטעלען
זיך אָפּ אין פאָדער-גרונט, רעכטס, נעבען דעם געצעלט. דאָס פערד בלייבט אין
דער טיפקייט. בשעת די פריסטער בלייבען שטעהען פאַריינט, פאַר׳ן אָפּגאָט, און
בילדען אַ האַלב-ראָד

## דער גרויס־פריסטער פון בל

מיט באַגייסטערונג אויפקשטעלענדיג דאָס פייער אויפ׳ן מזבח

אין בלויען זילבער תהום שווימט אויף דער מאָרגען,
און גלעט דעם וואַלד מיט ראָזע כשוף-פינגער
מיט ציטערניש דערוואַכט פון שלאָף דער זינגער
אין שאָטענדיגען צווייג פון בוים פאַרבאָרגען.
עס פלאַטערט לייכט אַ פליגעל אין דער לופטען,
הכנעה׳דיגע גלייכען אויס זיך גלידער,
און ס׳הילכט דער וואַלד פון האַרצעדיגע לידער,
געמישט מיט טויען-גלאַנץ און מאָרגען-דופטען.
און שאָטענס בלויע איילען זיך און שווינדען,
און דעקען צו מיט פורפור-גאָלד די טריט.
און אויפ׳ן שפיץ פון באַרג, וואָס דרעמעלט מיד,
האָט בל זיין גרויסע שרפה אָנגעצינדען.
אָ שטערבליכע, מיט שרעק קערט-אָפּ די אויגען!
צו הייליג איז דאָס פייער; עס פאַרבלענדט.
שפרייט-אויס פאַר אים הכנעה׳דיג די הענט,
און ביז צום שטויב זאָל יעדער קאָפּ זיך בויגען!..

אַלע פאַלען אויף די קניען און בוקען זיך

## כאָר פון יונגע פריסטער

זינגען

### ערשטער האַלבער כאָר

אויף די פליגעל פון זעפירען,
אויף אַ טראָן פון בלויז סאַפירען,
שוועבט ער אום מיט זיין אַרמיי!



### צווייטער האַלבער כאָר

אויס די הימעל-בלויע האַלען,
פליסען זיינע לעבענס-קוואַלען,
וועלכע היילען יעדען וועה!

### גאַנצער כאָר

זיי געגריסט, אָ גרויסער בל,
קעניג פון דעם הימעל-צעלט!
זיי געגריסט, אָ גרויסער בל,
הערשער פון דער ערדען-וועלט!

## דער גרויס־פריסטער

אויף די קניען, די הענט אויסגעשפרייט צו דער אויפגעהענדער זון

דו שוועבסט אויף דעם העל-בלויען שפיגעל
דורך גליהענדע לופט-פעלד געטראָגען,
די לופט-פערד מיט שטראַלענדע פליגעל,
וואָס ציהען דיין גאָלדענעם וואָגען!
דיין בליק איז אַ גאָלדענער רעגען,
וואָס טריפט צו דעם בוזעם פון ד׳ר׳ערד,
און טראָגט איר דיין געטליכען זעגען,
וואָס וואַרימט, און לויכט און דערנערט.
אומזיסט האָט די נאַכט דיך פאַרשלונגען!
איר קראַפט איז אויף אייביג פאַרלאָרען:
האָסט לאַנג שוין איר הערשאַפט באַצוואונגען,
און הערשער פון לעבען געוואָרען!
קיין גאָט קאָן צו דיר נישט דערגרייכען!
ד׳ אומענדליכקייט האָט נישט די מאַכט
דיין מינדעסטען שטראַל צו פאַרבלייכען—
די צייט האָט דיין קראַפט נישט פאַרשוואַכט!
ס׳האָט קיינער דיין וועג נישט געשניטען;
דו לויפסט אין דיין אייביגען קרייז;
אין גאָלדענע גאַרבען, זיי שיטען
דעם ווערען זיין טעגליכע שפייז!..

ערשטער האַלבער כאָר

טויזענט מאָל צעהן טויזענט שטערען
בלאָנדושען דורך די הימעל-ספערען,
אום צו זינגען אים אַ לויב!

צווייטער האַלבער כאָר

ערד און אַלץ, וואָס איז געשאַפען,
אַלע זענען זיינע שקלאַפען —
בויגט די שטערענס ביז צום שטויב!

אלע בוקען זיך

גאַנצער כאָר

זיי געגריסט, אָ גרויסער בל,
קעניג פון דעם חימעל-צעלט!
זיי געגריסט, אָ גרויסער בל,
הערשער פון דעו׳ ערדען-וועלט!..

דער גרויס-פריסטער

צו די יונגע

זעהט, די בוימער-שפיצען גלאַנצען;
גיך דערלאַנגט די היילגע פלאַנצען,
האָניג, מילך און ווייצען-מעהל!

צוויי יונגע פריסטער

געבען אים דאָס פארלאַנגטע

דער גרויס-פריסטער

אונזער קרבן איז פאַרנומען!
רויכערט ווייַרויך, רויכערט בשמים,
גיסט אין פייער אַריין דעם אייל!

אַ יונגער פריסטער

פערלאַנגט אים דעם אייל בשעת אַנדערע רויכערען ווירויך



דער גרויס-פריסטער

גיסענדיג אייל אין פייער אריין

זיי געגריסט, אָ הימליש פייער!
ביסט די גרעסטע געטער טייער
אין דיין מאַנטעל פורפור-רויט:
וואו ס׳איז וואַרים דאָרט איז לעבען,
וואו ס׳איז ליכטיג דאָרט איז שטרעבען —
קאַלט און בלינד איז נור דער טויט!

גאַנצער כאָר

שפריץ מיט פונקען, פלאַם און פלאַקער,
צווינג דאָס אייזען, שמיד דעם אַקער,
גיב דעם גאָלד זיין גלאַנץ!
שמיד די שווערדען, שמיד די שפיזען,
צו באַשיצען פעלד און וויזען
אין אַ העלדען-טאַנץ!..

איין יונגער פריסטער

וועה, ווער ס׳וואַגט דיך צו פאַרשוועכען!

צווייטער יונגער פריסטער

וועה, ווער ס׳וואַגט דיין צוים צו ברעכען!

דריטער יונגער פריסטער

דו פאַרוויסט די ערד!

די דריי יונגע פריסטער

מיט אַנ׳אויסגעשטרעקטען אָרים,
שוועבסטו צווישען ווינט און שטורם,
מיט אַ רויטען שווערט!

גאַנצער כאָר

טייכע פלאַמען ברויזען, וואוטען.

מוטערס קרעכצען, הערצער בלוטען
פֿאַרבסט דעם הימעל רויט!
טויזענט צונגען שפּאָטען, לאַכען,
מענשען שטאַרבען, הייזער קראַכען,
ס'ווילדעוועט דער טויט!..

*די יונגע פּריסטער רויכערען ווייַרויך*

דער גרויס־פּריסטער

די פֿלאַמען שטייגען צו דעם הימעל-הויך
געהילט אין בלויע וואָלקענס בשמים-רויך!
די הייליגע פּלאַנצען זענען האַלב פֿאַרצערט.
ווער וויל דעם גאָט זיין קרבן ברענגען?

דער קעניג

איך הייליג אים דאָס שענסטע פּערד
מיט בלומען-קרענץ און דימענטען געצירט!

דער גרויס־פּריסטער

דעם קעניגליכען קרבן צו דעם טעמפּעל פֿירט!

א פרוי

איך הייליג אים אַ טויב!

א צווייטע

און איך—אַ רינד!

א דריטע

און איך—מיין איינציג קינד,
זיין הייליג פלאַם צו נעהרען!

דער גרויס־פּריסטער

אָס זאָל אייך זיין צו לויב!..
ווער וויל מיט ווייבליכקייט אים עהרען?



דער קעניג

חטיפא איז די שענסטע פון די פרויען.

דער גרויס־פּריסטער

אָ קעניג! דו טאָרסט איר נישט באַפעלען;
זי דאַרף אַליין דעם גאָט זיך אָנפאַרטרויען.

דער קעניג

זי וועט אָהן ווידערשטאַנד אים וועהלען,
זיך הייליגען מיט פרייד.

חטיפא

*א מיידעל פון א יאָר זיבעצען, פלאַם-פארביגע קליידער*

אָ הייליגער! צי דינען בין איך גרייט!

דער גרויס־פּריסטער

באַווייז צו ביסט דעם חתן ווערט.

חטיפא

איך האָב אים שוין אין טרוים געהערט.

דער פּריסטער

נאָך נישט גענוג. וואָס קאָנסטו שענקען?

חטיפא

אַ האַרץ אין שטורימס רייכער ווי דער ים;
צוויי אָרעמס—צוואַנגען; קישען—הייסער ווי זיין פלאַם!

דער גרויס־פּריסטער

אָ ווייב! צי האָסטו נור דאָס לייב געשפּייזט?
וואו איז דיין גייסט?
וואָס קאָנסטו טון זיין ליבע צו געווינען?

חטיפא

די זיסטע לידער שפינען,
זיין מידקייט צו באצווינגען!
מיט הארפען-קלאנגען זיינע שבחים זינגען,
זיין העלדען-קריג,
און אויך זיין זיג.
און אין מיין טאנץ, א הייליגער,
איז מיר דער גאלד-פארביגער שמעטערלינג נישט גלייך!

דער גרויס-פריסטער

א ווייב, דו ביסט אין מעלות רייך;
דא איז דיין בלומען-קראנץ!

ער קרוינט איר דעם קאפ מיט א בלומען-קראנץ

דעם גאט געהייליגט זיי! נון, זינג דיין ליד און טאנץ!..

חטיפא

די שאטען-קעניגין פארגעהט אין וועהען:
פארשעמט האט זי דער ראזער מארגען.
אין אירע טונקלע נאכט-בלויע פאלעען
באהאלט זי אירע פיינען אין דער שטיל.
זעפירען-ווינטלעך בלאזען אירע וואונדען קיל,
און שוועבען סודות'דיג און זארגען
איר צער איינצושטילען.
אומזיסט דער שטערען-טאנץ—די וואלקען-שפילען!
איר האט ק פארנעמט קיין טרויסט!
איר צארען ברויזט;
און טויזענט פיל-פארביגע טרוימען פינקלען,
באלאגערען איר טראן, דעם סאפיר-בלויען,
און קלייבען אויף פון אירע אויגען-ווינקלען
אין זילבער-בעכער, אירע פעריל-טויען...

א יונגער פריסטער

צינדט אן פייער נעבען מזבח



חטיפא

טאנצט א מיסטישען פייער-טאנץ, וועלכער דריקט אויס דעם טרויער און דעם צארען פון דער שאטען-קעניגין. בעת דעם טאנץ פירען די פריסטער אויס פאר-שידענע מיסטישע באוועגונגען פאר דעם בילד; דאס פאלק שטעהט אויף די קני-ען, די קעפ אויף דער ברוסט ארונטערגעלאזען. ווען דער טאנץ איז שוין כמעט געענדיגט, הויבען-אן פון וועלדעל צו פליהען פיילען. אלע כאפען זיך אויף דערשראקען; עס ווערט א געטומעל און אנ'אומארדנונג אויף דער בינע. חטיפא אנטלויפט צום טורם

איינינע פון פאלק

די געטער זענען בייז!..

איינער

זיי ווארפען פיילען!..

א צווייטער

א פיינד באפאלט;
א קומט, און לאמיר איילען!..

דער ערשטער

זיי'ר שטראף איז שווער!..

דער קעניג

מיט שרעק

גבורים! צום געווער!..

זאטראפען

מיט בלויזע שווערטען צום פאלק

האלט!...
קיין טריט פאראויס!..

אלע בלייבען שטעהן

דער קעניג

דעם פיינד זוכט אויס!..

עדיאל

**איך בין געטראָפען..**
**די פייל אין הארץ מיר שטעקט!..**

עובד

**מיין אָרים איז מיט בלוט באַפּלעקט!..**

עדיאל

**שדי'ס שטראָפען!..**
**איך שטאַרב!.. זייט פאַרפלוכט!..**

ער פאַלט צו דר'עדר טויט

דער קעניג

**די מערדער זוכט!..**

טלמון

קומט אָן און פאַרנויגט זיך פאַר'ן קעניג

**ביז צום סוף פון אַלע צייטען זאָל דער קעניג לעבען!**

דער קעניג

**רעד!**

טלמון

**אָ גרויסער הערשער!**
**דו האָסט אונז אַ באַפעל געגעבען,**
**אַז ווען די האַרפען-זינגער וועלען שפּילען,**
**און די טראָמפּייטען הילכיג שאַלען,**
**זאָל יעדער אויף די קניען פאַלען**
**און צו דעם גאָט אַ תּפלה בעטען.**

דער קעניג

**אמת.**

טלמון

**אָ קעניג! צווישען דיינע אונטערטאַנען**



**ווערט אומגעהאָרכזאַמקייט געזייט!**

דער קעניג

**דורך וועמען?**

טלמון

**פאַראַן, וואָס ווילען דיין באַפעל נישט הערען**
**און לערנען געגען קעניג זיך פאַרשווערען.**

דער קעניג

מיט כעס

**זייערע נעמען?**

טלמון

**שדרך, משך און עבד-נגו...**

דער קעניג

**און זיי לעבען?..**

טלמון

**האַר מיין קעניג! האָסט אַליין זיי קראַפט געגעבען**
**דיינע וואונשען מיט די פיס צו טרעטען,**
**אומגעהאָרכזאַמקייט דאָ צו פאַרשפּרייטען...**
**נישט זיי עהרען דיינע שטאָלצע פעטער;**
**נישט זיי דינען דיינע גרויסע געטער;**
**נישט זיי אַכטען אונזרע לאַנדס-געזעצען;**
**שפּינען וועבען געגען דיר נור נעצען...**

דער קעניג

אויסער זיך

**אונדאַנקבאַרע!..**

טלמון

**ווער וועט וועלען די געזעצען עהרען,**
**ווען מען מעג אָהן שטראָף זיך געגען דיר פאַרשווערען?**

פשחור

פון מערב, קעניג, קומען די געפאַרען...

דער קעניג

אויכער זיך פון אויפרעגונג

דו ביסט גערעכט. . די זאַך איז קלאָר...
דער חלום ווערט מקיום... דיין באַשייד איז וואָר —
די פינסטרע ווירקונג זיינע הויבט זיך אָן...
די מורדים!.. אין קייטען ברענגט זיי פאַר מיין טראָן!..

בשעת דער קעניג געהט אָפּ אין געצעלט אריין, ווארפט זיך דאָס פאָלק
אויף די קניען און דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם



# פערטער טייל.

## בילד ה

דיזעלבע אויסשטאַטונג וואָס אין ערשטען טייל. ס'איז גאַנץ פריה

שושנה און מילכה

קומענדיג פון נעבען הויז

מילכה

ניין קינד, איך טאָר נישט שווייגען:
איך מוז דעם אַלטען האַר די זאַך דערצעהלען,
פאַר גאָר דער וועלט דיין אומשולד צייגען!

שושנה

קיין וואָרט... געפאַנגען האַלט דיין צונג!
אין פאָטערס האַרץ נישט צינד דעם פונק
פון בייזע ספקות אויף אַ קינד...

מילכה

אָ שוואַכסטע פון די פרויען,
עס לויערט טויט אויף דיינע טריט!

שושנה

אבי נישט זינד.

מילכה

צי ביסטו שוין צו לעבען מיד?

שושנה

מעג זיבען מאָל דער טויט מיר דראָען,
ניַשט לעג די שווערע לאַסט אויף זיין נשמה.

מילכה

דיין אומשולד שרייט נקמה!

שושנה

צעבראָכליך איז די עלטער און מיט טויט געמאָרטן
צו שוואַך זיין גוף און ציטריג זיינע יאָרען...

מילכה

דו שרעקסט זיך פאַר זיין צאָרען?

שושנה

פיל ווענינגער ווי פאַר זיין וואָרט...
דאָס וואָרט אין בלוט פון האַרץ געטונקען,
די צער-פונקען,
וואָס וועלען בליצען אין זיין שטאַרקען בליק...

מילכה

אָ, טרויעריג געשיק!
ער וועט דיין פריען טויט ניַשט איבערטראָגען.
אַנ׳איינציגע האָט דיך דיין מוטער אים געלאָזען.

שושנה

קיין וואָרט ניַשט זאָגען!..

מילכה

מיט נעבעס

מיין קינד, דו זאָלסט מיר ניַשט דערווידערן,
ניַשט וויל זיין לעצטען לעבענס-הויך פאַרבלאָזען:
זיין ענדע איז אַזוי שוין אויך ניַשט ווייט.
ניַשט לאָז דיין אַלטען פאָטער פאַר דער צייט,
אין טיפען צער געהילט, צום קבר נידערן.

שושנה

מיט ליבע נעמט ער אָן, וואָס קומט פון שדי׳ס האַנט.

מילכה

גור ניַשט קיין שאַנד!..

שושנה

צי איז אַ שאַנד דען אומשילדיג צו זיין?

מילכה

צו שוואַך ביסטו דיין אומשולד צו באַווייזען.
צוויי עדות וועלען זיין באַגלויבט.

שושנה

אָ גאָט! צי האָט אַ שלאַנג ביי זיי דאָס האַרץ געראויבט?

מילכה

און וואָלסטו ווענינגסטען עזריה׳ן אַלץ געזאָגט...

שושנה

דער שטאָלץ האָט מיר צו רעדען ניַשט ערלויבט.
און איצט איז שפּעט. די פאַלשקייט האָט מיך אויסגעיאָגט.

מילכה

פאַראַן נאָך צייט... דער אמת איז נאָך ניַשט באַזיגט.

שושנה

עזריה גלויבט,
און דאָס געניגט..

מילכה

ווי לאָזט מען אים אין טעות שמאַכטען?

שושנה

ווי קאָן אַ מענש זיך זעלבסט פאַראַכטען?

ער ווייכט פון מיר וו'אַ כהן פאַר אַ מת.

מילכּה

אָ הימעל פאָטער, עפען זיינע אויגען!

שושנה

ער געהט דעם קאָפּ צו ד'ר'ערד געבויגען,
און טרעפט מיך צופעליג זיין בליק,
דערפיל איך טויזענט קאַלטע שפּיזען אין מיין ברוסט,
און ס'שטאַרבט אין האַרץ די לוסט
אַ וואָרט צו זאָגען...

עזריה

בליך, נידערגעשלאָגען, די קליידער אָפּגעריסען באַווייזט זיך אין טויער

מילכּה

אומרוהיג

מיר שיינט איך זעה דאָרט וועמען געהן.

שושנה

ס'איז ער אַליין.

מילכּה

אָ גאָט! איך געה אים גלייך אַנטקעגען.

שושנה

זי אָנכאַפּענדיג ביי דער האַנט

רו געהסט נישט פון דעם אָרט..

מילכּה

לאָז פרעגען...

שושנה

קיין וואָרט..

מילכּה

ער קוקט זיך, זוכענדיג, אַרום..



שושנה

מיך שענדס זיין בליק...
קום!..

מילכּה

אַ רגע..

שושנה

קיין אויגענבליק!..

זי רייסט זי כמעט מיט געוואַלד אַריין אין געצעלט

עזריה

האָט איז בשעת מעשה געקומען נענטער, בלייבט שטעהן, און קוקט אַ ווילע אומבאַהועגליך אין דער ריכטונג, וואו שושנה איז פאַרשוואונדען. ער שיינט זי צו האָבען באַמערקט

אַנטלויפסט... האָסט מורא פאַר אַ מענשליכען געזיכט..
נאָך איינזאַמקייט איז דיין באַגער.
לעשסט אויס אין אויג דיין ליכט,
דערשטיקסט אין האַלז דיין טרער,
און לויפסט, געיאָגט פון ווילדע שרעקען,
מיט פינסטערניש דיין שאַנד פאַרדעקען?
אָ פאַלשקייט, איך קען דיין פנים!..

ער קערט זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג פונ'ם געצעלט און בלייבט שטעהן אַ ווילע, ווי אומבאַשטימט

איר האַרץ האָט מיר געשיינט ווי הימליש ליכט זוי ריין;
איר גלויבען פעסטער, ווי דער פעלזען-שטיין;
איר ליבע שטאַרק און אומבאַצווינגליך ווי דער טויט;
איר שמייכעל שטראַלענד ווי דער מאָרגען-רויט;
איר שטים אַ געטליך ליד; איר וואָרט אַ לויב-געזאַנג..
איז דאָס געוועזען אַ פאַרפירערישע שלאַנג?
אַ זיסער חלום נור? אַ ליגנעריש געשפּענסט?
שושנה!.. שושנה!..

ער לאָזט זיך מיט שוערקייט אַרונטער אויף אַ שטיין-באַנק, און באַהאַלט דעם קאָפּ אין זיינע הענט

מישאל

קומט אָן פֿון טויער. באמערקענדיג עזריה׳ן אין אזא צושטאנד, בלייבט ער שטעהן, און באטראכט אים איניגע מאָמענטען שטילשווייגענד

עזריה

אים נישט באמערקענדיג

צי האָט נישט גאָט׳ס אַ זון פֿאַר מיר אַליין געגליט?..
מיין וועג מיט ליכט און שטראַלען צוגעדעקט,
אין דער געדיכטסטער פֿינסטערניש מיין פֿוס געהיט,
און יעדע שטרויכלונג פֿאַר מיין אויג אַנטפּלעקט?..

מישאל

אָ רגע, פֿריינד, דיין שמאַרץ באַצווינג...

עזריה

נישט הערענדיג

געוועזן בין איך אַ יונגער בוים פֿול קראַפֿט,
מיל צווייגען בליענדיגע, פֿול מיט זאַפֿט,
מיט וואָרצלען ביז די שאָטען פֿון דעם טויט,
מיט שפּיצען-העכער ווי דער מאָרגען-רויט.
קיין וואַסער-מאַנגעל האָב איך נישט געקענט;
און האָט בייטאָג די זון מיך שטאַרק געברענט,
האָט מיך איר היץ נישט אָפּגעשוואַכט,
ווייל פּערלען פֿלעגט מיר טוי אַ גאַנצע נאַכט...
מיט ערפֿורכט פֿלעגט די האַנט צום מויל זיך לעגען,
און אויף דער ברוסט דער שטאָלטסטער קאָפּ זיך בייגען,
ווען ס׳פֿלעגט מיין פּנים אויף דער גאַס זיך ווייזען:
און איצט, מיין שטערן, זיי פֿון שטאָל און אייזען,
ווייל אָנגעפֿולט האָט גאָט מיט שאַנד מיין בעכער!..
וואו זענט איר, אָ איר פֿינסטערע שלאַנגען-לעכער!
און איר, אָ שוואַרצע קברים, עפֿענט ברייט אייער שויס!
און שלינגט מיך איין, און שפּייט מיך קיינמאָל צ׳ריק נישט אויס,
ווייל פֿול מיט שפּיזען איז דעם מענשענס בליק!..

חיינע בינערליך



משאל

אָ פֿריינד, א וואָרט נור הער.

עזריה

זיך באהערשענדיג

קומסט זעהן מיין שאַנד, מישאל?
ווי קומט אַזאַ געדאַנק דיר אויפֿ׳ן זינען?
קומסט אַלזאָ זעהן די טרערען מיינע רינען,
און הערען ווי איך שעלט דעם טאָג פֿון מיין געבורט?

מישאל

דעם אמת קום איך זוכען און געפֿינען.
איך וויל אַליין מיך איבערצייגען. .

עזריה

מיט ביטערקייט

בעסער, אָ מישאל, לאָז מיך שווייגען..

מישאל

זיי מוחל, פֿריינד!
נישט מיין איך קום דיין צער שטילען.
איך האָב די פֿאַלשקייט פֿיינט;
איך האַס די זינד.
און טרעף איך זי, מעג זיין ביים אייגענעם קינד,
ער מוז איר ביטערקייט אינגאַנצען פֿילען!..

עזריה

קומסט קעמפֿען הייסט עס מיט שושנה׳ן?..

מישאל

ווי״ר ווייסט?..
און דאָך האָט מיך אַנדערש הערגעצויגען...

עזריה

ווי הייסט?..

מישאל

זי שוועבט אַ הייליגע פֿאַר מיינע אויגען.

עזריה

ז'איז אויך אין מיינע דאָס אַמאָל געווען.
אַ הייליגע האָט זי אין הויז אַרומגעשוועבט,
און טרוימען ליכטיגע פֿאַר מיר געוועבט. —
איז דאָס געוועזען פֿאַלשקייט נור און ליגען
דאָס אויג צו בלענדען? דאָס האַרץ צו טריגען?
נור פּרעכע, אויסגעטראַכטע שפּילען?
אַ שלייער פֿאַר די נידריגסטע געפֿילען?..

מישאל

און אפשר איז די זאַך נור אויסגעטראַכט?..

עזריה

איך האָב אין בבל מיר קיין שונאים נישט געמאַכט.

מישאל

ווער ווייסט? ווער קאָן דאָס זיכער זאָגען?..

עזריה

עס האָט אויף מיר זיך קיינער נישט צו קלאָגען:
דעם אַלטען פּלעג איך איינפּלייסען פֿריש בלוט,
דעם יונגען — האָפֿענונג און מוט;
מיט צערטליכקייט אַ יעדענס וואונד פֿאַרבינדען;
אַנ'אויג זיין פֿאַר דעם אומגליקליכען בלינדען;
און פֿיס — פֿאַר קרומע,
אַ צונג — פֿאַר שטומע,
אַ טרויסט פֿאַר די פֿאַרשטויסענע, די טריבע,
פֿאַר עלענדע — אַ פֿאָטער פֿול מיט ליבע!..

מישאל

די פֿאַלשקייט זעהט דעם אמת מיט פֿאַרדרוס;
פֿון תמיד איז דער רשע ביי דעם צדיק'ס פֿוס,
אין שטויב, מיט שלאַנגען גלייך, אַרומגעקראָכען,



און נור געשטרעבט צו בייסען זיינע קנאָכען.
די אומשולד גלויבט; זי מיינט, אַז יעדער איז איר פֿריינד;
די פֿאַלשקייט זעהט אין יעדערען אַ פֿיינד. —
וואו איז שושנה?

עזריה

זי ווייכט פֿון ליכט ווי אַ פֿאַרברעכער,
אַ לעסטערער, אַ הייליגקייטס-פֿאַרשוועכער!..

מישאל

און ווער די עדות זענען, ווייסטו?

עזריה

צוויי אָנגעזעהנע לייט.
שוין לאַנג פֿון ברענענדיגע תאוות ווייט,
און ווייט פֿון לייכטזיניגע ליבעס-שפּילען.
די אומגעצוימטע, שטורמישע געפֿילען,
וואָס צינדען אָן די הערצער פֿון דער יוגענד,
און צווינגען אָפט די שטאַרקסטע טוגענד
צו שענדען אַלץ, וואָס הייליג איז און טייער,
און אויפֿצופֿלאַקערען, ווי שטרוי אויף פֿייער,
דאָס אַלץ איז לאַנג ביי זיי דערשטיקט געוואָרען.
שוין מענשען אין די יאָרען:
ביי זעכציג — יעדער איינער...

מישאל

קאָן איך וויסען זיי'רע נעמען?

עזריה

ביידע שופֿטים, ביידע זקנים.

מישאל

דערשטוינט

עדיאל בן-צוץ און עובד?..

עזריה

מיט ביטערניש

אונזרע גרעסטע פֿײַנד...

מישאל

מיט אויפֿרעגונג

די: בוגדים?!

עזריה

פֿאַרביסערס

נאָך ערגער...

מישאל

און גלויבסט?..

עזריה

יאָ...
דאָס פֿרויען-האַרץ איז לייכט און אומבאַשטענדיגנ
איר טוגענד—ווי: אַ שאָטען, וואָס פֿאַרגעהט;
ווי: שטויב פֿון ווינט צעשפּרייט.
לייכטזין איז איר אייביגע ירושה...

מישאל

ווען דו זאָלסט וויסען פֿון די: זקנים, וואָס איך ווייסן
וואָס כ'האָב ביים געצענדינסט געזעהן,
וואָלט דיר שושנה'ס שולד...

עזריה

אים איבעררייסענדיג

אָ גאָט, מיין גאָט!..

פֿון יענער זייט טויער הערט מען אויפֿגערעגטע געשרייען פֿון דעם פֿאָלק

עזריה

הילד פֿון אויפֿרעגונג, מאַכט אַ פּאָר טריט נענטער צום טויער, און קוקט מיט שרעק

מישאל

עזריה!.. געדולד!..



עזריה

אויסער זיך

ניין, ניין!.. דאָס פֿאָלק קומט מחנות'ווייז אַהער!..
קיין זיפֿץ!.. קיין טרער!..
גערעכטער צאָרען ברענט אין זיין נשמה...
די: אויגען פֿינקלען, דורשטען נאָך נקמה!.

ער לויפֿט פֿארצווייפֿעלט אוועק אין די: טיפֿקייט פֿונ'ם גאָרטען

גרויסע אויפֿגערעגטע פֿאָלקס-מחנות מיט עובד בן-סיסרא אין דער שפּיץ שיטען זיך אריין מיט גערויש דורכ'ן טויער. זיי לאָזען הערען פֿיינדליכע אויסרופֿען פֿאַר שושנה'ן און הייבען דראָענדיגע פֿויסטען געגען הויז

שטימען פֿון פֿאָלק

צום הויז!.. צום הויז!..

איין שטים

טויט פֿאַר שושנה'ן!..

אַ צווייטע

ציט זי: אויף דער גאַס אַרויס!..

אַ דריטע

דעם וועג פֿאַרשטעלט!..

עטליכע

צום געצעלט!.. צום געצעלט!..

עס ווערט אַ געלויף אין אלע ריכטונגען

עובד בן-סיסרא

אויפֿהויבענדיג די: האַנט צום פֿאָלק. אלע שטעלען זיך אָפּ

נישט שווייגט, אָ ברידער, לאָזט זיך נישט גענאַרען!
דאָס בלוט פֿון אונזרע קינדער שרייט נקמה:
דאָ וואוינען זיי די זעלבסט-געוועהלטע האַרען,
וואָס שמידען קייטען פֿאַר דער פֿאָלקס-נשמה!..
זיי הייסען שווערטען קעגען קעניג שאַרפֿען,
אין קאלעך-אויוועגס אונזערע קינדער וואַרפֿען,

און זיי אַליין? —
אָ קופּער-שטערענס! הערצער-שטיין!
זייער מויל איז פול מיט שפּאָט און מיט געלעכטער;
אויף יעדען קרייצוועג זיצען זייערע טעכטער —
אַ שטרויכלונג פאַר דעם רייזענדען, דעם מידען...

שטימען פון פאָלק

אמת!.. אמת!..

גחזי

ווי זאָל נישט ווייכען פון אונז שדי'ס פרידען,
ווען אומגעשטערט זיין נאָמען ווערט געשענדט,
און זיין געבאָט, דאָס הייליגסטע—געטרעטען?..
און קומען מיר מיט אויסגעשפּרייטע הענט,
זיין געטליכען גענאָד צו בעטען,
באַהאַלט ער זיין געזיכט פון אונז געשווינד,
און רעכענט יעדע תּפלה פאַר אַ זינד!..

שטימען פון פאָלק

געךעכט!.. גערעכט!..

איין שטים

זיין נאָמען ווערט געשענדט!..

אַ צווייטע

זיין וואָרט — פאַרשוועכט!..

עטליכע

שרעקליכע נבלות!..

די ערשטע שטים

טויט פאַר שושנה'ן!..

די צווייטע

זויף איר די קללות!..

אַלע

גלייכצייטיג



טויט פאַר שושנה'ן!..

זיי לאָזען זיך אַלע לויפען מיט דראָענדע באַוועגונגען צום הויז. אין זעלבען מאָמענט ערשיינט נעבען הויז שושנה באַגלייט פון מילכּה'ן. זי באַמערקענדיג, שפּרינגען די צעווילדעוועטע מחנות צוריק, און בלייבען שטעהען אין פאַרלעגענהייט

מילכּה

צוהאַלטענדיג שושנה'ן

ווערה!.. ווערה!..

שושנה

זיך רייסענדיג ביי איר

איך גערה!..

מילכּה

ניין!..

שושנה

לאָז מיך פריי!..

מילכּה

פאַרצווייפעלט

אַליין?..

שושנה

איך מוז!..

זי רייסט זיך אויס און לויפט אנטקעגען די מחנות

מילכּה

זיך פאַרשטעלענדיג דאָס פּנים מיט די הענט

אָ גאָט! שטעה איר ביי!..

שושנה

מיט שטאָלץ

איר ווילט אַ קרבּן? דאָ שטעהט ער גרייט!
נישט צעגערט — הפקר איז מיין בלוט!..

עוֹבר

דער פֿאַלשקייט פֿעהלט קיין גלאַטע רייד;
ניִשט לאָזט אייך נאַרען, ברידער—מוט!

שוֹשנה

מיט ווערטאָג

נקמה נעם, אָ גאָט...

עוֹבר

ניִשט רוף צו-פֿאַלש זייי נאָמען,
אָ שאַנד פֿון ציון׳ס טעכטער!

אַ געררויש צוויִשען פֿאָלק

שוֹשנה

ווייזט צום הימעל

דאָרט אויבען איִז אַ שופט, אַ גערעכטער!

עוֹבר

ס׳האָט אויך די שלאַנג מיט זיסע רייד
אויף אונז דעם טויט געבראַכט.
פֿון אייביִג איִז דאָס צנועות-קלייד
געווען איִר שטאַרקסטער מאַכט!..

אַ שטים פֿון פֿאָלק

טויט פֿאַר שושנה׳ן!..

שוֹשנה

פֿארצווייפֿעלט

הימעל-פֿאָטער, זעה מיין נויט!

שטימען פֿון פֿאָלק

טויט! טויט! טויט!..

די צעווילדעוועטע מחנות ווילען זיך אויף איר ווארפֿען. מישאל מיט אַ בלויזע שווערט איִן האַנט ברעכט זיך דורך אַ וועג און שטעלט זיך צוויִשען איר און דעם פֿאָלק



מישאל

שרייט גאַנץ הויך

הערט! אָ הערט!..
איִר קינדער פֿון ישראל!..

שטימען פֿון פֿאָלק

וואָס וויל מישאל?..

איין שטים

ער ציט דעם שווערט!

אַ צווייטע

ער קומט זי ווערען!..

אַ דריטע

וואָס זאָגט ער?..

עטליכע

אָ שווייגט, מיר ווילען הערען!..

דאָס פֿאָלק באַרוהיגט זיך

מישאל

אומזיסט האָב איך פֿון אייך גערעכטיגקייט געוואַרט;
די פֿאַלשקייט איִז צו שטאַרק, זי האָט אייך אָפּגענאַרט.
די קלאָרסטע אויגען צוויִשען אייך פֿאַרבלענדט.
אָ גאָט! אַנ׳עדות זיי, אַז מיינע הענט
פֿאַרגיִסען ניִשט דאָס אומשולדיגע בלוט!..

אַ געררויש צוויִשען פֿאָלק

עוֹבר

איראָניש

איִז קלאָר דיין אויג און ס׳פֿעלהט דיר ניִשט דער מוט,
וואַש-ריין איר שולד...

מישאל

אַלטער, האָב געדולד!
פֿאַרזיכט איִז קיין פֿעלהער, שאַרפֿזין דאַרף מען שעצען,

ווי̇ל מען, ווי̇ געהערי̇ג פֿאָלגען די̇ געזעצען.
היילי̇ג זי̇בּען מאָל דאַרף זיין אַ מענשען-לעבען—
און דיין משפט אי̇ז צו-פֿוי̇ה אַרויסגעגעבען!..
בּיי דעם גרי̇נגסטען דאַרף מען פֿאָרשען לאַנג און וועגען;
ווער באַשולדי̇גט?.. עדות לאָמי̇ר פֿרעגען!..

שטימען פֿון פֿאָלק

געֿרעכט!.. גערעכט!..

איין שטי̇ם

ס'ז לויט דיינע רייד!..

אַ צווייטע

פֿרעג, מישאל, פֿרעג!..

מי̇שאל

אי̇ך בּי̇ן גרייט!

עטליכע שטי̇מען

מאַכט אַ וועג!.. מאַכט אַ וועג!..

אַלע רוקען זיך אָפּ און בילדען א האַלב-רונד, פֿאַר מישאל'ן

מישאל

שושנה'ן פֿי̇רט אי̇ן אי̇ר געצעלט צורי̇ק.
און אי̇ז זי̇ שולדי̇ג ברענג אי̇ך זי̇ אייך אָפּ
איך ענטפֿער מי̇ט מיין קאָפּ!
און ווייזט זי̇ך אויס, אַז אַלץ אי̇ז אויסגעטראַכט,
אַז מ'האָט אויף אי̇ר אַ שלעכטען שם געבּראַכט,
זאָל פֿון איי'ר מויל גאַנץ הויך אי̇ר אומשולד שאַלען,
און שדי'ס קללה אויף די̇ עדות פֿאַלען!..

דאָס פֿאָלק

אמן! אמן!..

מילכּה

נעמט אָן שושנה'ן בּיי דער האַנט און פֿי̇רט זי̇ א וויינענדי̇גע אָפּ אי̇ן געצעלט אַריין



חנני̇ה

מיט עטלי̇כע באַוואָפֿענטע יונגעליט, קומט̇ אָן דורכ'ן טויער

מישאל

צי̇ זענען עדות פֿי̇ל פֿאַראַן?

אַ שטי̇ם

צווי.

מישאל

ווער זענען זיי?

איין שטים

עריאל בּן-צוק.

אַ צווייטע

און עובד בן-סיסרא.

מישאל

אי̇ראָני̇ש

וואו אי̇ז בּן-צוק?..

חנניה

פֿרויסטרעטענדי̇ג

ביים פֿוס פֿון אָפּגאָט לי̇גט ער אויסגעצויגען,
אי̇ן אייגנעם בלוט, ווי̇ אי̇ן אַ קלייד געהי̇לט.
ער האָט די̇ קני̇ געבּויגען,
און איך—מיין שאַרפֿסטע פֿייל געצי̇לט...

פֿאַרוואונדערונגס-אויסרופֿען צווי̇שען פֿאָלק

איין שטי̇ם

די̇ קני געבּויגען!..

אַ צווייטע

צום אָפּגאָט זי̇ך געבּוקט!..

מישאל

צו חנניה'ן

האָט עמיץ נאָך חוץ דיר דאָס צוגעקוקט?

חנניה

*חיים צום הימעל*

גאָט דאָרט אויבען!..

די יונגעלייט

*גלייכצייטיג*

און טויזענט מענשען-אויגען!..

מישאל

*צו די יונגעלייט*

האָט איר דאָס אויך געזעהן?

די יונגעלייט

געזעהן!..

מישאל

און דו, בן-סיסרא, ביסט דער צווייטער עדות?

עובד

דער צווייטער עדות.

חנניה

אויך דער איז ביי דעם געצענדינסט געווען!

*אַן׳ערשטוינונגס-אויפרוף צווישען פאָלק*

עובד

*מיט חוצפה*

פאַלש!..

חנניה

*מיט זיכערקייט*

איך האָב דיך דאָרט געזעהן.

עובד

אויסגעטראַכט!..



נישט פאַרלאָזט האָב איך מיין הויז אַ גאַנצע נאַכט...

מישאל

*איראָניש*

ביסט גרייט דערויף צו שווערען?

עובד

*דרייסט*

כ׳בין גרייט!..

מישאל

*מיט אַ שמייכעל*

נו, שווער און זאָלען אַלע הערען.

עובד

*מיט חוצפה*

צי מוז איך טון לויט דיינע רייד?
ווער האָט דיך פאַר מיין שופט, זאָג, געמאַכט?

אַ שטים פון פאָלק

שווער!..

עטליכע

*גלייכצייטיג*

שווער!.. שווער!..

עובד

*זיך ארומקוקענדיג אומרוהיג פון אַלע זייטען*

איר ווילט מיך צווינגען!..

מישאל

*אים איבערשלאָגענדיג די רייד*

דיין פאַלשקייט וועט דיר נישט געלינגען;
זאָג, עובד, קלאָר, דו שווערסט צי ניין?

עובד

*הויבט אויף זיין רעכטע האַנט*

איך שווער!..

מישאל

אָ אַלטער, וועה צו דיר! דו הויבסט צו-פאַלש דיין האַנט!
איך האָב אַליין דיך ביי דעם בילד געזעהן...
אין וואַלד בין איך געווען באַהאַלטען,
און פעסט דעם בויגען אין מיין האַנט געהאַלטען.
בן-צוק און דו זענט פלוצים אָנגעקומען,
גאַנץ שטיל די שיך אַראָפגענומען,
און גלייך מיט אַלע זיך געבוקט...

עובד

כלמר'שט דערשטוינט

מישאל, פירסט רכילות?! ברענגסט אַ שלעכטען שם?!
וואו איז דיין שטאָלץ? דיין אַלטען יחוס נישט פאַרשעם!..

מישאל

איך האָב דאָס גלייכגילטיג נישט צוגעקוקט.
מיט צער און צאָרן מיין בויגען פעסט געטרעטען;
געוואָלט דיך טייטען,
נור שטאָט אין האַרץ—אין אָרים דיר געטראָפען..

עובד

אויסער זיך פון שרעק

אָ גאָט! אַ בייזער חלום!..

מישאל

דעק אָפ דיין אָרים, ווייז אים דאָ גאַנץ אָפען:
איז דאָס אַ חלום, וואָרום שרעקען?

עובד

אויפציטערענדיג

פאַר יעדען אויג מיין לייב אַנטפּלעקען?..
מיין כבוד טרעטען, ווי אין שטויב אַ וואָרים?..
מישאל!..



מישאל

געביטעריש

דעק-אָפ דיין אָרים!..
זאָל יעדער זעהן...

עובד

אין טויט-שרעק

ניין, ניין, אָ ברידער, נישט ערלויבט!.
מיין וואָרט געניגט... אַ שופט איז באַגלויבט!..

עס ווערט אַ געדויש צווישען פאָלק. איינער פון די באַוואָפענטע יונגעלייט לויפט צו און דעקט אים מיט געוואַלט אָפ דעם אָרים, אויף וועלכען מען באַמערקט אַ גרויסע פריש-בלוטענדע וואונד

מישאל

נאָך פריש און בלוטענד איז דיין וואונד אַציינד,
דער לעבעדיגער צייכען פון דיין מיאוס'ער זינד.

אַ שטים פון פאָלק

ער האָט געלעסטערט!..

מערערע שטימען

גלייכצייטיג

דער בוגד!.. דער בוגד!..

עס ווערט אַ געטומעל—פון צווישען פאָלק פליען מערערע פיילען אויף עובד'ן

עובד

לאָזט הערען אַ פאַרצווייפעלטען געשריי און פאַלט צו דער ערד. דאָס אויפגערעגטע פאָלק וויל זיך אויף אים וואַרפען, נור מישאל, מיט אַ בלויזען שווערט אין האַנט, טרייבט עס צוריק

מישאל

שרייט

נישט וואַגען זאָל אַ האַנט אים אָנצורירען!
אָ גאָט! די גלידער זיינע צאַפּלען, פרירען;
דער טויט האָט זיינע ליפען בלוי געפאַרבט,

זיין אויג איז האלב פארמאכט,
שושנה'ס אומשולד אויף דער צונג איז שטארבט
א אלטער, רעד!..

עובר

מיט אנ'אויסגעלאשענער שטים

צו שפעט...

מישאל

אים טרייסלענדיג

אנ'איינציג ווארט נור... שולדיג אדער ניין!..

עובר

מיט א קאנוואולסיווער אנשטרענגונג

ניין!..
די זאך איז אויסגעטראכט...
עדיאל... עדיאל...

זיין קאפ פאלט צוריק, ער לאזט הערן א טיפען זיפץ און שטארבט

א שטים פון פאלק

וואס זאגט דער אלטער?.

א צווייטע

שושנה'ס זינד איז אויסגעטראכט!..

א דריטע

א בייזען שם געבראכט!..

מערערע שטימען

גלייכצייטיג

נישט שולדיג!.. נישט שולדיג!..

עס ווערט א באוועגונג צווישן פאלק און דערזעלבער צייט רייסט זיך עזריה דורך, בלייבט שטיין א ווײַלע ווי צעמישט נעבן דעם טויטן קערפער פון עובר'ן. אלע בלייבן פלוצים שטיל, און קוקן אים אן אויפמערקזאם



עזריה

ווי דערוואכענד

זי איז נישט שולדיג!..
פארגיב, א גאט!..

ער פאלט אויף די קניען, די הענט אויסגעשטרעקט צום הימעל. דאס גאנצע פאלק נאך אים

פארהאנג פאלט גאנץ לאנגזאם.

# בילד ו.

א גרויסער לוקסוריעזער זאל אין קעניגליכען זומער-פאלאץ, אין דורא. אין הינטער-גרונט, רעכטס, לינקס און אויך אינמיטען—גרויסע טיר-עפנונגען, דורך וועלכע מען באמערקט טיפע, העל-באלויכטענע נעבען-געמעכער, וואו מערערע גרופען הויפלייט באוועגען זיך אין פארשידענע ריכטונגען, שמועסענדיג און זשעסטיקולירענדיג מיט אנ'אנדער. אין פאָדערגרונט, רעכטס פון די צוזעהער, אויף א דערהויבונג פון עטליכע טרעפען—דעם קעניגס טראָן. לינקס, אין הינ- קעל—א גרויסע פענסטער-עפנונג מיט גאָלדענע קראטען באשלאָגען. אויף לינקס פון דעם פענסטער, געגענאיבער דעם טראָן—נאָך א טיר.

טלמון און פשחור

קומענדיג דורך דער מיטעל-טיר

טלמון

מיט פארדרוס

יאָ פשחור, יאָ. עס פעלט מיר שוין געדולד.
דאָס זאָג איך דיר אַ לעצטען מאָל, דו הערסט?

פשחור

און וועמעס שולד?
צי טו איך נישט וואָס דו באַגערסט?

טלמון

איך בין שוין מיד. איך וואַרט און ווארט,
איך זעה מיך, וואָס אַ טאָג אַלץ מער גענאַרט.
און לענגער דיינע קינצען ליידען...

פשחור

ביי אַלע הייליגע! זאָג, טו איך נישט גענוג?

טלמון

דו זייסט באַטרוג,
און גיסט מיר ביטערניש צו שניידען!

פשחור

מיט פארדרוס

אומדאַנקבאַרער!
כ'האָב דיר צוליב אַ גאָט אַליין געשענדט...
חטיפא איז אין דיינע הענט...
ווער האָט דעם קעניג איינגערוימט
דעם גאָט זי אַלס מתנה אָפצוגעבען?

טלמון

נישט דאָס האָב איך געטרוימט.

פשחור

כ'האָב איינגעשטעלט פאַר דיר מיין לעבען!

טלמון

ס'איז מיינס, איך האָב דיר עס געשענקט...

פשחור

דעם אויבער-פריסטער אָפגענאַרט...

טלמון

איך האָב פיל מער פון דיר דערוואַרט.

פשחור

וואָס קאָן זיין מער?

טלמון

דאָס איז אָנ'אָנהויב ערשט פון דעם, וואָס איך באַגעו

פשחור

די פירשטען? זייער טויט...

טלמון

נאָך מער...

פשחור

אויסער זיך

ס׳איז אומערהערט!..

טלמון

דו קנעכט! צי איז דיין לעבען אַזוי ווייניג ווערט?
און האָסטו מיר נישט מער פאַרשפּראָכען,
ווען ביסט פאַר מיר אין שטויב געקראָכען?..

פשחור

מיט דראָונג

האַלט-איין דיין צונג!
דו רעדסט נישט מיט דעם זעלבען פשחור פון אַמאָל!

טלמון

איראָניש

אַזוי?.. דו שפּילסט דעם שטאָלצען... גוט, איך געה...
און מעג דיין פעסטונג זיין פון האַרטען שטאָל;
צערינען וועט זי, ווי ביים מינדסטען פונק,
דער שניי...

פשחור

טלמון!..

טלמון

דער שליסעל פון דיין כבוד איז ביי מיר אין האַנט:
ווער ס׳האָט דיך גרויס געמאַכט, קאָן מאַכען דיך צו שאַנד!..

פשחור

ביי אַלע הייליגע, וואָס ווילסטו?



טלמון

מיך שפּיזען דיינע גאווה׳דיגע בליקען:
צעברעכען וויל איך, וואָס איך האָב געבויט..

פשחור

די חורבות וועלען דיך אַליין דערדריקען,
אומזיניגער!..

טלמון

כ׳האָב צופיל דיר געטרויט...

פשחור

וואָס ווילסטו דען פון מיר?

טלמון

דו ביסט צו-גרויס..

פשחור

רעד ווייטער, רעד, זאָג אַלץ אַרויס.

טלמון

איך וויל נישט קלענער זיין פון דיר...

פשחור

דאָס ווענדט זיך אין דעם קעניג.

טלמון

אין דיר—דו רעדסט פון מיר צו ווייניג.
צי האָב איך מיר אַזוי פיל מי געגעבען
דיך גרויס צו מאַכען, כדי אַלס קנעכט צו לעבען?

פשחור

נישט ריכטיג:
איך האָב פאַר דיר קיין מי געשפּאָרט.

מערערע גרופּען הויפליט קומען אַן דורך דער פאָדער-טיר לינקס, געהען דורן

די בינע שווייגנדיק שטיל צו־שען זיך, אייניגע לאכען גאנץ הויך, און אלע פארשווינדען אין די נעבען־זאלען.

### טלמון

וועלכער האט זיך א ווייל באהערשט ביז די הויפלייט וועלען פאראיבערגעהן

איז מיר דער טויט פון יענע יודען וויכטיג,
ווען איך פארנעם נישט זייער כבוד־רייכען ארט!

### פשחור

געטון האב איך, וואס איך האב נור געקאנט;
דעם קעניג אויף דיין ט'יישאפט אויפמערקזאם געמאכט,
און אים דערצו געבראכט,
אז ער האט זעלבסט דיין נאמען שוין דערמאנט.
וואס קאן איך מער?
אים צווינגען איז א ביסעל שווער...

מערערע גרופען הויפלייט קומען אן פון די נעבען־געמעכער, געהען איבער די בינע און פארלירען זיך צוריק אין דער טיפקייט. איין גרופע פון דריי הויפ־לייט בלייבט שטעהן ביי דער מיטעל־טיר אין הינטער־גרונט, רעדט שטיל צווישען זיך און ווארפט פון צייט צו צייט פארדעכטיגע בליקען אויף פשחור'ן און טלמונ'ן

### טלמון

האט ער מיט צוטרוי זיך צו דיר באצויגען?

### פשחור

ער האט באוויליגט מיינע רייד צו הערען:
דאס איז א גוטער סימן...

אומרוהיג

נור זעה, דארט קוקען נייגיריגע אויגען;
איך מוז זיך פון דיר שיידען...
לעב וואויל!..

### טלמון

דו דארפסט פאר אים די מעשים מיינע לויבען.



### פשחור

איך האב גערעדט, און וועל אויך ווייטער ריידען.

### טלמון

איך וויל א לעצטען מאל דיר גלויבען:
לעב וואויל!..

ביידע אפ אין פארשידענע ריכטונגען

### די דריי הויפלייט

קומען נענטער אויף דעם פאדערגרונט, אין אביסעל שפעטער — א גרויסע צאל אנדערע

### ערשטער הויפמאן

ניין, פריינט, נישטא די אלטע גוטע צייט.
אז וואויל איז דעם, וואס לעבט פון הויף איצט ווייט!
די לופט איז פול פאראט.
א פינסטערער חשד
לאזט מערקען זיך אין קעניגס יעדען בליק...

### דער צווייטער

אומרוהיג

רעד שטיל, מען קאן אונז הערען...

### דער דריטער

א סוד שוועבט יעדען אויף די ליפען,
און פינסטערע קנייטשען רינצלען יעדענס שטערן.

### דער ערשטער

גאר נייע טיפען;
פארדעכטיגע געשטאלטען,
נישט לאנג פון אפגרונט אויפגעשוואומען...

### דער צווייטער

אומרוהיג

שוין בעסער צווישען צײַן און גומען
די צונג באַהאַלטען...

דער ערשטער

די שוואַרצסטע פלענער ווערען דאָ געפּלאַנט.

דער צווייטער

איך האָב דאָס לאַנג געאַנט...

דער דריטער

מען הויבט פון גרויסע אָן...

דער צווייטער

די קליינע וועט מען אויך נישט שוינען.

דער ערשטער

און אפשר שמידט אַ גאָט איצט נייע קרוינען,
און ס'ציטערט אומבאַמערקט דעם קעניגס טראָן?

די הויפליט קומען אַלע אײַליג אויפ'ן פֿאָדער-גרונט. עס הערט זיך דער שאַל
פון אַ טראָמפּייט

דער צווייטער

שווייגט שטיל... דער קעניג געהט..

דער דריטער

פון פשחור'ן באַגלייט...

די װאַך קומט אַרײַן און פֿאַרנעמט אַלע אויסגענג. און באַלד דערנאָך — ד
העראָלד. אין הינטער-גרונט באַמערקט מען דעם קעניג מיט פשחור'ן קומענדיג

דער העראָלד

אויף דער מיטעל טיר

נבוכדנאצר!..

אַלע פאַלען אויף די קניען. די װאַך שטעלט-פאָר דאָס געווער



דער קעניג

יאָ, אמת, קלוגער פשחור, זענען דיינע רייד:
מקוים ווערט פון חלום דער באַשייד.

ער זעצט זיך — די הויפליט שטעלען זיך אויף

דער זילבער-שטאַם, וואָס כ'האָב אין שלאָף געזעהן,
מיט גאָלדנע צווייגען—דאָס בין איך אַליין.
און יענע פייגעל פריער זאַנפט און מילד,
און שפעטער אומערזעטליך, פרעסעריש און ווילד—
דאָס זענען צייכענס, וואָס די געטער געבען,
אַז עמיץ לויערט אויף מיין לעבען.

פשחור

זיך פאַרנייגענדיג ביז צו דער ערד

דאָס אויג פון טרייע דינער לויערט אָבער בעסער,
און זייער האַנט רייסט אויס פון מערדערס האַנט דאָס מעסער.—
אויף טויט און לעבען
איז טלמון דיר ערגעבען...

דער קעניג

איך וועל דאָס אים געדענקען.

טלמון

זיך פאַרנייגענדיג ביז צו דר'ערד

אויף דיין באַפעל, אָ קעניג... די מורדים...

דער קעניג

אין קייטען?

טלמון

און פון אַ דאָפּעל-וואַך אַרומגענומען.

דער קעניג

דער עלטערער איז שורך ?
זאָל ער דער ערשטער קומען..

טלמון

צום באַפעל!

אָפּ

### דער קעניג

צו דער האַך

די אויסגעגנג היט!.. און אַלע וועגען!..
האַלט גרייט אין האַנט די וואַפען!
איך וויל אַליין די מורדים פרעגען,
און אָהן רחמנות זיי באַשטראָפען!..

### חנניה

געשמידט אין קייטען ווערט אריינגעפירט דורך זאטראפען מיט בלויזע האַפען קאָמענדירט דורך טלמון׳ן

### דער קעניג

באַטראַכטענדיג אַ ווײַלע חנניה׳ן

זאָג, שדרך, איז דאָס אמת?
דו דינסט נישט מיינע געטער?

### חנניה

מיט שטאָלץ

אמת.

### דער קעניג

ביסט ווידערשפעניג?

### חנניה

מיין גאָט געהאָרכזאַם, גרויסער קעניג!

### דער קעניג

דו בוקסט זיך נישט צום בילד, וואָס איך האָב אויפגעשטעלט,
מיין ווילען שענדסטו, הערסט נישט מיין געבאָט...

### חנניה

עס בויגט זיין קאָפּ דער יוד נור פאַר זיין אייגנעם גאָט.



### דער קעניג

פאַרדרוסיג

אָ אומזין! זענען דיינע געטער
דען מעכטיגער ווי די פון מיינע פעטער?

### חנניה

מיין גאָט, אָ קעניג, איז נור איינער;
און מעכטיג חוץ אים, איז נישט קיינער!

### דער קעניג

איראָניש

ווער איז ער דאָס דיין גאָט?
ווער האָט פון אים געהערט?

### חנניה

מיט פייערליכקייט

דער הימעל איז זיין טראָן,
זיין פיס-בענקעל — די ערד.
ער איז פון אייביג אָן,
און אייביג וועט ער זיין:
און וואָס דיין אויג נור זעהט,
צי ס׳בלייבט, צי עס פאַרגעהט—
אַ קעניג, דאָס איז זיין!...

### דער קעניג

אַלץ אין זעלבען טאָן

ווי רופט מען אים?

### חנניה

יהוה איז זיין גרויסער נאָמען:
פון אַלץ דער אורשפרונג און דער זאָמען;
די ליכטיגקייט זי איז זיין קלייד,
און אַלץ, וואָס איז — זיין ווערק;

די שטערען האָט זיין האַנט געזייט,
זיין וואָרט — געפלאַנצט די בערג;
די שטורעמס טראָגען זיין באַפעל,
דער בליק, דער שניידט זיין וועג;
זיין בליק, דער מאַכט די הימלען העל
און וויזט דעם ים זיין ברעג!

דער קעניג

מיט א געוואלטיגער גאוה

ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיין דיין גאָט,
ער איז באַזיגט.
ער האָט מיט געטער שטאַ'קערע פון זיך געקריגט
און איז געפאַלען. — ווער האָט פאַרוויסט זיין שטאָט?

חנניה

מיט דרייסטקייט

אַ גאָט, וואָס דו האָסט קיינמאָל נישט פאַרגעטערט!

דער קעניג

אין זע'בען טאָן

אין צור ווער האָט צעשמעטערט?
די וואונדערשעהנע צור? דער געטער-גאָרטען,
געשיצט פון טורעמס הויכע און פון פעלזען-פאָרטען?
מיט סאַפיר און שמאַראַגדען באַשטראַלט האָט זי איר טריט;
רובינען און יאספיזען, טאָפאַזען, קריזאָליט
אין גין-גאָלדענער פאַסונג פון קינסטלער-האַנט געשניצט,
זיי האָבען אירע וועגען באַלויכטען און באַבליצט.
אין בוזעם פון די ימים האָט זי איר הויז געבויט,
און אירע כרובים-פליגעל דעם אפגרונט אָנגעטרויט,
געלאַכט פון ווינט און שטורעם, דעם גאַנצען ים באַזיגט;
ווער האָט געשטיצט איר אָרעם, ווען ז'האָט מיט מיר געקריגט?
וואו זענען אירע געטער געוועזען אין דער נויט?
די רייכסטע פון נאַציאָנען, זי בעטעלט איצט איר ברויט!..
וואו איז דער גאָט פון עמון? אין שטיקער ליגט זיין טראָן;



אַ וויסטעניש איז אדום פון תמן ביז דדן.-
דער קראָקאָדיל מצרים, וואָס אין די טייכען רוהט?
די גרויסע מחנות לידיער? און די פון כוש און פוט?
די הירטען פון אַראַביען, וואָס האָבען אים געשטיצט?
די זיילען פון מצרים—וואו זענען זיי דען איצט?..
אַ וואָלקען האָט פאַרפינסטערט זיין הערליכקייט, זיין פראַכט;
און זייל נאָך זייל צעשמעטערט איז דורך מיין האַנט זיין מאַכט:
אויף אַש פאַרברענט איז צוען, און פתרום איז מיין רויב;
און נוף מיט אירע געטער קויקלען זיך אין שטויב.
אין נוא הערשט בלויז מיין ווילען; מיין צאָרען שוועבט אויף סין—
אין קייטען שיקט מצרים קיין בבל זיינע זיהן!..

חנניה

נישט רום דיך, גרויסער קעניג, מיט דיין איבערמוט:
ד' ביסט ביי אונזער גאָט געוועזען נור אַ רוט.
געשטיצט האָט ער דיין האַנט און דיינע וואָפען,
די אומרעכט פון ישראל צו באַשטראָפען,
און פעלקער און נאַציאָנען פאַר דיין שווערט —
ווי שטרוי אין פלאַם געוואָרפען, ווי שטויב צו דר'ערד!

דער קעניג

מיט פארדרוס

דיין גאָט האָט מיר געהאָלפען קריגען?!

חנניה

און זיגען. .
ער האָט אין טאָג פון צאָרען דיך געוועהלט
דאָס שלעכטס פון צווישען פעלקער אויסצוראָטען.
געטון האָסטו זיין הייליגען פאַרלאַנגען,
און בלינדערהייט אים נאָכגעגאַנגען,
ווי ס'געהט נאָך דיר דיין שאָטען...

דער קעניג

אין כעס

דו וואַגסט נבוכדנאצר'ס שטאָלץ צו שענדען!

חנניה

צום לעבעדיגען גאָט זיין האַרץ צו ווענדען.

דער קעניג

און דאָס פֿון זיינע געטער אָפּצוקערען?

חנניה

וואָס קאָנען געטער, וואָס מענשען-הענט צעשטערען?..

דער קעניג

ווער ס'דינט זיי ניִשט דער איז ניִשט ווערט צו לעבען

חנניה

ער האָט פֿון גויטען שווערערע אונז אויסגעצויגען!..

דער קעניג

אויסער זיך פֿון כעס

פֿאַרשאָלטנער קנעכט! פֿאַרשוויִנד פֿון מיינע אויגען!..

חנניה

ווערט אַרויסגעפֿירט דורך דער פֿאָדער-טיר, לינקס, נעבען פענסטער. און מישאל באַגליִיט פֿון זאטראפען, ווערט אַריינגעפֿירט דורך דער מיטעל-טיר, איִן היִנטער-גרונט

דער קעניִג

צו די אַרומיגע

הייסט דריימאָל שאַלען די טראָמפּייטען
די האַרפּען שפּיִלען,
און אַלע פּריִסטער בעטען!

פֿון הייטען הערט מען טראָמפּייטען שאַלען, האַרפּען-מוזיִק און דאָס געזאַנג פֿון די פּריִסטער. אַלע חוץ דעם קעניג און משך'ן קניען נידער

און דו, אָ משך, געהאָרכזאַם זיי מיין ווילען,
און בוק זיִך צו דעם ביִלד, וואָס איך האָב אויפֿגעשטעלט!



מיִשאל

מיִט שטאָלץ

איִך ביִן אַ יוד!..

דער קעניג

מיין קנעכט!..

מישאל

דער קנעכט פון דעם אַלמעכטיגען, וואָס פֿיִרט די וועלט.

דער קעניִג

מיִט דראָונג

ניִשטאָ קיין מעכטיִגערס פֿון מיינע געטער!
און דיִנט מען זיי ניִשט איִז מען ווידערשפּעניִג.

מישאל

אַנ'איינציִגער איִז דער, וואָס איִך פֿאַרגעטער;
קיין אַנדרער איִז ניִשטאָ, אָ קעניִג!

דער קעניג

אָ אומזיִן!.. וויִלסטו אומקומען איִן שפּאָט?

מישאל

ציִ איִז אַ שאַנד צו שטאַרבען פֿאַר זיין גאָט?

דער קעניִג

אַ גאָט, וואָס לאַנג באַזיִגט עס האָט מיין האַנט;
געמאַכט איִם אונטערטעניִג ..

מישאל

ניִשט לאָז זיִך נאַרען, גרויסער קעניג.
ער מאַכט דעם שטאָלצסטען קאָפּ צו שאַנד.

דער קעניִג

אויפֿגערעגט

אָ בלינדעס גלויבען!

מישאל

מיט דראָנג

ניִשט רוף אויף דיר זיין צאָרען:
עס געהט פאַר אים קיין וואָרט פאַרלאָרען!..

דער קעניג

וואָס אַמאָל מיט מער פאַררײס

אַ גאָט, וואָס לאָזט זיך שענדען און באַרויבען!

מישאל

אַ גאָט פון ראַכע...
ער וואַרפט צו דר'ערד די שטאַרקע און דערהויבט די שוואַכע;
זיין האַנט צעשמעטערט טראָנען און פאַרוויסט פראָווינצען;
ער מאַכט פון פרינצען—בעטלער, און פון בעטלער—פרינצען!..

דער קעניג

אויסער זיך פון כעס

פאַרשאָלט'נער קנעכט!..
דו ווילסט מיך שרעקען מיט דיין גאָטס געוואַלט?
איך בין דער ריזען-בוים אין וואַלד:
מיך שיצט די וואונדערליכע געטער-קראַפט,
די וועלטען שאַפט,
און זיי צעשטערט.
מיין בליק מאַכט ציטערן טראָנען;
און ס'פאַלען פעלקער און נאַציאָנען
ביים בלויזען בליץ פון מיינס אַ שווערט!..

מישאל

מיט אַ געהאַלטיגען שטאָלץ און מיט פאַראַכטונג

און מעג דער וואורצעל פון דעם ריזען-בוים
צום שטענדיגען טאָל פון טויט דערגרייכען;
זיין קראַפט—די קראַפט פון שטורעם-ווינטען גלייכען;
זיין שפיץ—די העכסטע וואָלקען שפאַלטען
און אַלע שטראַלען פון דער זון באַהאַלטען —



געגוג, אָ קעניג, איז אַ וואָרט פון שדי'ס מויל...

דער קעניג

אויפשפרינגענדיג

אָ גרויל!..
דעם שקלאַף נעמט צו געשווינד,
דעם אויוועֶן שטאַרקער צינדט,
און ביז אויף קויל זיין מיאוס'ען גוף פאַרברענט!
און זאָל דיין גאָט דיך מציל זיין פון מיינע הענט!..

מישאל

ווערט אַרויסגעפירט דורך דער פאָדער-טיר, בשעת אַנדערע זאטראפּען ברענגען אַריין עזריה'ן

די מוזיק און דאָס פריסטער-געזאַנג לאָזען זיך נאָך אַלץ הערען

דער קעניג

שראָף

צי הערסטו נישט קיין האַרפען שפילען,
עבד-נגו?

עזריה

מיט ביטערקייט

געגוי.

דער קעניג

און ווייסטו נישט וואָס דאָס באַדייט?

עזריה

איך ווייס...
דאָס בלוט פון מיינע ברידער שרייט,
און שדי'ס צאָרען דונערט.—
האַלט צו דיין טראָן; באַפעסטיג זיינע זיילען;
אין בלוט דיין קעניגליכען מאַנטעל פאַרב:
אָהן היילונג איז די וואונד פון זיינע פיילען!..

דער קעניג

אויסער־זיך

בוק זיך, אָדער שטאַרב!
דאָס איז מיין לעצטע פּרוב..

עזריה

דאָ איז מיין האַלז, דיין הענקער רוף!...

דער קעניג

איבערראַשט פון דער דרייסטקייט, מילדערט זיין טאָן

ביסט יונג און שטאַרק, און שוין צו לעבן מיד?

עזריה

איך בין אַ יוד!...

דער קעניג

הילך פון צאָרען

איר בייזע זאָמען!
מיין ווילן וועט אייער נאַקען בויגען!...

עזריה

און מיינער עפענען דיינע אויגען!...

דער קעניג

ציטערנדיג פאַר כעס

סאָלדאַטען, מיין באַפעהל פירט אויס!...

עזריה ווערט אַרויסגעפירט

צוויי סאַטראַפּען

שטויסען ברוטאַליש אַריין דעם אַלטען חלקיהו, וועלכער האָט אַ בלוטענדע וואונד אויף דער רעכטער זייט שטערן. דאָס פּנים זיינס איז בלאַס; זיינע שטאַרע אויגען גרויס געעפענט, די האָר און באָרד פלאַטערנד

דער קעניג

דערשרעקט זיך און שפּרינגט אויף פון אָרט



ווער איז דער מענש? זיין בליק דערשרעקט!

טלמון

מיין קעניג!..

דער קעניג

שלאָגט אים איבער

ער האָט זיך מיר אַמאָל אַנטפּלעקט,
צי אין אַ חלום, צי אין וואָר —
דאָס ווייס איך נישט אַצינד אויף קלאָר.
איך האָב אים אָבער וואו געזעהן...
און נישט אַליין... און נישט אַליין...

טלמון

מיין האַר און קעניג!
דער מענש איז נישט אונטערטעניג:
ער איז געקומען אונז באַשווערען
די געטער דיינע נישט צו עהרען.
אַ טרעפער איז ער ביי ד׳ם פאָלק,
וואָס ד׳האָסט באַזיגט... אַ...

דער קעניג

מיט אַ שרעק, וואָס וואַקסט אַלץ מער

אָ שווייג!.. עס פינקעלט און עס שטראַלט
זיין יעדער טראָפּען בלוט, וואָס פאַלט;
און קאָכט, און ברויזט, און זידט נישט־איין
און וואַרפט פון זיך אַ גאָלדנעם שיין!..
ניין, ניין, דאָס איז קיין איינפאַך בלוט;
עס ברויזט פון האַס.. עס קאָכט פון וואוט...
אָ פרעמדער וואָס פאַרלאַנגסטו? רעד!..

חלקיהו

אָנשפּאַרענדיג זיך מיט דער לינקער האַנט אויף זיין שטעקען, ריכטעט זיינע שטאַרע בליקען אויף דעם קעניג

פאַרלאַנגט וואָס דער, וואָס האָט זיין בליק דערגרייכט?..

דער קעני

ערשטוינט

זיין גליק ?..

חלקיהו

דער שענסטער קעניגליכער שטערען בלייכט
ביים מינדסטען שטראַל פון מיינע אוצרות. .
אָ מענש, נישט פרעג מיך מיין באַגער !..

דער קעניג

אומרוהיג

פון וועלכען פאָלק ביסטו ? פון וועלכען שטאַנד ?..
אַ קעניג אפשר פון אַ רייכען לאַנד ?..

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג

פיל מער...

דער קעניג

מיט צכסונג און מיט שרעק

אַ גאָט אין מענשליכער געשטאַלט ?..

חלקיהו

באַגייסטערט

אַ ליכט, וואָס אייביג שטראַלט ..
אַנ׳אָפּגלאַנץ פון אַ געטליכען געדאַנק...
און אין מיין הארצען טראָג איך דעם פאַרלאַנג
פון אַלע דורות און פון אַלע צייטען !..

דער קעניג

אין זעלבען טאָן



דיין וואָרט פאַרשטעה איך נישט..
וואָס וויל דאָס דען באַדייטען ?
דיין שאַטענדיגער בליק איז פול מיט וואוט,
דיין שטערען — צוגעדעקט מיט בלוט,
מיט דראָונג ציטערן דיינע ברעמען:
האָט ווער געוואַגט דיך צו פאַרשעמען ?
האָט ווער פון מיינע קנעכט דיר וועה געטון ?
אָ רעד !..

חלקיהו

באַגייסטערט

צי פילט מען וועה, ווען ס׳שיינט אין האַרץ אַ זון ?..

דער קעניג

וואָס אמאָל מער דערשראָקען

אַ רעטעניש, אָ פרעמדער, איז דיין וואָרט...
ווער ביסטו דען ?.. אַנטפּלעק דיין סוד !..

חלקיהו

אין זעלבען טאָן

איך בין דער יוד !..

דער קעניג

מיט שרעק און שטוינונג

אַ יוד !.. דו ביסט אַ יוד ?..

חלקיהו

דערקענסט מיך ניט ?..

דער קעניג

אָ געטער !..

חלקיהו

דו האָסט אליין אַ פעסטונג מיר געבויט,

מיט פייער-ויילען זי אַרומגערינגט...
און פאַר מיין גאָט-אַ סודות'דיג געצעלט:
רזבינען-ווענט, און סאַפּיר-זיינע שוועלען.
און אויף דער טיר, אין מאָרגען-ליכט דעם העלען,
וואו שדי'ס כבוד בלינקט,
די אייביגקייט אַלס היטערין געשטעלט...
דערקענסטו מיך?...

דער קעניג

ווי צעמישט

האָב איך דאָס אַלץ געטון?..
איך?..

חלקיהו

מיט אַ געביטערישען טאָן

צי פרעגט דאָס ליים ביים טעפּער, וואָס ער טוט?
געוועלטיגט אין דעם מושל'ס האַנט די רוט?..

דער קעניג

מיט פאַרדרוס

דער מושל בין איך זעלבסט, און טו, וואָס איך באַגער!..

חלקיהו

געביטעריש

דיין אויער נויג און הער!..

אין זאַל ווערט טונקעל. דורך דער פענסטער-עפענונג דרינגט אַריין דער ווי אַ ער
אָפּגלאַנץ פון אַ פייער, וואָס ברענט אין דרויסען

אַ שטים פון דרויסען

אַז וואויל איז דעם, וואָס ליידען וויל און גלויבען,
ווען ס'רופט צו אים יהוה'ס שטים!
אַז וואויל איז דעם, וואָס קאָן זיך זעלבסט דערהויבען



אויף פייער-פליגעל ביז צו אים!..

דער קעניג

פאַרוואונדערט

ווער רופט עס דאָרט?

חלקיהו

אַ גליקליכער אין קייטען...

דער קעניג

איז דאָס נישט שדרך'ס וואָרט?

חלקיהו

הער אויס דעם צווייטען!..

אַ צווייטע שטים

איר מיינט מיך צו פאַרטיליגען דורך בושה;
איר היילגט מיך אין צער און איך שפּאָט!
דאָס לעבען איז מיין אייביגע ירושה,
אַ פעסטונג אומבאַצווינגבאַר איז מיין גאָט!

דער קעניג

אומרוהיג

אַ לעבען נאָך אין בוזעם פון דעם טויט?..
צי זאָגט ער וואָר?.. צי טראָצט די נויט?..

חלקיהו

געביטעריש

הער!..

אַ דריטע שטים

אַז וועה צו דעם, וואָס גאָט האָט אויסגעוועהלט

זיין צאָרען איינצושטילען !
געוואויגען איז זיין הערשאַפט, און זיין טאָג — געצעהלט !

דער קעניג

צלץ אומרוהיגער

אויך דער...

חלקיהו

צי דויערען די שוואַרצע וואָלקען-שפּילען
פון שטורעם-ווינט געזייט ?..

דער קעניג

אויסער זיך פון שרעק

וואָס מיינסטו דען ?.. רעד קלאָרע רייד !..

חלקיהו

דער בליץ צינדט-אָן די שׂרפה און פאַרגעהט !..

דער קעניג

ווי צעמישט

מיין טראָן !?.

הלקיהו

באַגייסטערט

זיי גרייט, דער טאָג קומט אָן !..

דער קעניג

אין זעלבען טאָן

מיין טראָן... מיין לעבען... וועלכעס פריער ?
שליח פינסטערער פול שרעקען !
צי וויל א גאָט מיין סוף אַנטפּלעקען ?..
צי רעדסטו בלויז פון האַס און וואַט ?..



איך האָב אַ שווערט, מיין האַנט צילט גוט,
און דאַרף איך שטאַרבען, שטאַרבט מיט מירן
דאָ איז דיין לוין!..

ער וואַרפט אויף אים זיין שווערט, וועלכער שפּרינגט אָפּ אָן א זייט אין דער טיר, נעבען חלקיהו, ערשיינט די שטראַלענדיגע געשטאַלט

אַלמעכטיגע!.. וואָס זעה איך דאָרט?
וואָס הויבט זיך אויף פון יענעם אָרט,
פון יענעם בלוט, וואָס ברויזט אויף דר'ערד?
אַ בילד, וואָס שטראַלט...
אַ לופט-געשטאַלט
אין האַנט אַ פייערדיגען שווערט!.
וואָס וויל זי דאָ?.. וואָס קומט זי הער?..
זי שטרעקט די האַנט אויס צו מיין קרוין!..
סאַטראַפּען, העלדען צום געווער!..
אָ העלפט!.. העלפט!..

ווילד פון שרעק אַנטלויפט ער דורך דער מיטעל-טיר, און פארשווינדט אין דער טיפקייט פון די געמעכער. פון ווייטענס הערט מען אים נאָך מערערע מאָל שרייען די לעצטע ווערטער. אַלע הויטלייט לויפען אים אין בהלה נאָך. די געשטאַלט פאַרגעהט, בלויז חלקיהו בלייבט שטעהן אומבאַוועגליך אויף זיין אָרט, פון רעכטע האַנט איז דרויענדיג אויסגעשטרעקט אין די ריכטונג, אין וועלכער דער קעניג איז פארשוואונדען.

פ אָ ר ה אַ נ ג

# פיפטער טייל.

## בילד ז.

א סאַל. דער הינטער-גרונט איז איינגעשלאָסען אין א קייט פון עטליכע ואקעסטע
נישט-איבעריג הויכע פעלזען-שפּיצען. אויף א שפּיץ פעלז, לינקס פון די צוזע-
הער — א שמאַל, טורם=פאָרמיג טעמפּעל, געהייליגט דעם גאָט בל. ביים פוס
פונ׳ם מיטעלסטען באַרג — דריי פריש-אויסגעבראָכענע האָלץ-הויפענס, פון װעל=
כע עס הויבט זיך נאָך א לייכטער רויך-נעפּעל. דער פאָדער-גרונט, לינקס און
רעכטס, גאַנץ ביטער באַוועלדעט. רעכטס, ביים איינגאַנג פונ׳ם סאַל, אויף פאָ=
רענט-צו, א גרעסערער הויפען רויע שטיינער, קענטיג א חורבה פון אַן׳אַלטע,
מזבח. דאָ און דאָרט עטליכע אָפּגעזונדערטע שטיינער אויף װעלכע א מענש קאָן
זיצען. דער אינערער טייל פון סאַל איז כמעט איינגאַנצען צוגעדעקט מיט טרי-
קענע ביינער און פאַרבראַנטע מענשען-קערפּערס, װעלכע דערמאָנען אין א נישט
אָפּגערוימט, פאַרוואָרלאָזט שלאַכט-פעלד. ס׳איז נאַכט, א שווערער פאַרוואָלקענ=
טער הימעל הענגט איבער׳ן גאַנצען סאַל, וואָס ווערט צייטענווייז אויפגעהעלט
דורך פאַרבייסוועבענדיגע שווינד-ליכטלעך, אָדער דורך א פּאַ-בלאַנדזשעטען
בליץ, וואָס ווערט באַלד איינגעשלונגען דורך דעם טויבען, לאַנג-דויערדיגען
געבריל פון ערגיץ א ווייטען דונער. פונ׳ם טעמפּעל אַרויס הערט זיך א זיסע
רעליגיעזע מוזיק, באַגלייט ערטערווייז דורך דעם געזאַנג פון א פּריסטער-כאָר

דער הייניג און פשחור

קומען פון וועלדער, לינקס

דער קעניג

בלאַס און אומרוהיג

װער זענען יענע פייערלעך, וואָס טאַנצען
און קריגען מיט דער פינסטערניש פאַרפּיסען?
צי זענען דאָס פאַרלוירענע אויגען-גלאַנצען,
וואָס צער און צאָרן האָבען אָנגעצינדען
און פאַר דער צייט פון לעבען אָפּגעריסען?..
אָ זעה, ווי אײלעדיג זיי צאַנקען און פאַרשווינדען!...

פשחור

אָ קעניג, באַהערש אַ ווײלע דיין געמיט,
און טריט ביי זײט,
וועט דיר דיין טרייער קנעכט דעם אמת צייגען.
ניט אײל; לעהן-אָן אויף מיר דיין אָרעם,
און קום און זעה...

דער קעניג

אומרוהיג

דאָ זענען זיי די מתים אויס די קברים,
געהילט אין אימה'דיגען שווייגען:
ווי זאַמד ביים ים איז זייער צאָל...

פשחור

זיי שטויסענדיג מיט'ן פיס

זיי דעקען צו כמעט דעם גאַנצען טאָל.
פאַרשטאַרטע ליגען זיי, ווי צו די ערד געשמידט!
פאַרלאָשען יעדער לעבענס-פונק;
געלעמט די צונג,
און יעדער גליד...

דער קעניג

װאָס אַמאָל אומרוהיגער

און דאָך... ווי קומען זיי פון שלאָף מיך וועקען!..



פשחור

אונטערטעניג

דער געטער-שטורעם האָט זיי לאַנג צעשמעטערט.
דער שטאַם איז הויל; די צווייג איז אָפּגעבלעטערט:
אָהן גרינט, אָ קעניג, איז דיין שרעקען!..

דער קעניג

זיי האָבען זיך ווי לעבעדיג באַוואויגען.

פשחור

אַ שפּיל פון שלאָפעדיגע אויגען...

דער קעניג

איך האָב זיי אויך אין וואַך געזעהן;
זיי זענען מחנות-ווייז בײ מיר געווען;
מיין טראָן פון אָ[illegible] אַוועקגעטראָגען
און שפּעטער אים צוריקגעבראַכט...
מיט ביינער-פינגער נאָך אין באַק געשלאָגען
און בייזווילינג אין פּנים מיר געלאַכט...

פשחור

אויפהויבענדיג אַ פּאָר ביינער פון דער ערד

פאַרשטאַרטע גלידער, קאַלט און האַרט ווי שטיינער...

דער קעניג

נערוועז

זיי האָבען אויסגעזעהן ווי מענשען...

פשחור

ווארפט אוועק די ביינער מיט פאַראַכטינג

דאָס האָט זיך בלויז דעם קעניג אויסגעדאַכט.

דער קעניג

פאַרטון אין זיך

יאָ פשחור, מענשען בלויז פון ביינער...
און איבער זיי האָט יענער גאָט געשוועבט
און אַלץ אַרום מיין טראָן באַלעבט:
די יאַזפּ פון פיינדליכען געביין געשניצט;
דער גאָלדנער פּלאַץ, וואָס האָט אין אים געבליצט,
דער שאַרבען-בעכער אויף מיין טיש,
די ביינער-האַרפען אין די שקלאַפענס הענט,
און ביז די בלייכע שאָטענס אויף די ווענט –
דאָס אַלץ האָט אין אַ מוראדיג געמיש
זיך לעבעדיג אַרום מיין טראָן באַוואויגען
און הענט געהאַט, און פיס, און אויגען...

פשחור

די שרעק באַלעבט דאָס אומבאַלעבטע;
און וואַקעלט איינמאָל דער פאַרשטאַנד,
גענוגט אַ שאָטען אויף דער וואַנט...

דער קעניג

אים איבערשלאָגענדיג

גענוג! . מיך שרעקט נאָך מער דיין טרויסט...
אַ פינסטערע ווירקונג האָבען דיינע רייד.

פשחור

דערשראָקען

האַר מיין קעניג!..

דער קעניג

אויפציטערנדיג

איך פיל ווי אונטער מיר אַן אָפּגרונט ברויזט
און שטרויכלינגען נאָך שטרויכלינגען מיר גרייט.

ער ציהט מיט ריזען-קראַפט מיך איינצושלינגען.
עס לויערט עפּיס סודות׳דיג אויף מיינע טריט;
די שוואַרצסטע פּלענער וועבט עס אין דער שטיל,
און שטרעקט אַ האַנט... און וויל...

פשחור

צו זיך אַליין

אָ פינסטערער געדאַנק!..

דער קעניג

איך קעמף אַ יעדען אויגענבליק דערמיט;
איך קעמף מיט מיר אַליין; איך קעמף מיך קראַנק,
און דאָך...

פשחור

קעמף נאָך!..
דערפיר דעם קריג ביז ענד!..

דער קעניג

מיט אַ גוואַלטיגען פּחד

אַ גייסט, וואָס אַלץ פאַרלענדט,
אַ שוידערדיג געשטאַלט, אַ געטער-שטראָף
פאַרפאָלגט מיך אין מיין וואַך און אין מיין שלאָף!.

פשחור

פון כח הדמיון בלויז אַ שפּיל..

דער קעניג

זיך אַנטקעגעצענדיג אַנ׳ערשעפטער אויף אַ שטיין נעבען דער חורבה

ניין, ניין! די געטער זענען בייז... איך פיל...
און האָבען רעכט...

פשחור

ציִ האָסטו זיי דעֶרצערנט?

דער קעניג

זיי׳ר הייליגקייט פאַרשוועכט.
אין ספק טויזענט מאָל זיי׳ר ווערט געשטעלט.

פשחור

ערשטוינט

וואו?..

דער קעניג

איִן מיין געדאַנק...
זייט יענער נאַכט... זייט יענער מורא׳דיגער נאַכט...

פשחור

דו ביִסט געווען קראַנק...

דער קעניג

אומזיכערקייט האָט מיין געמיט געקוועלט..
איִך האָב געזינדיגט, פשח׳ר, איך פיל...

פשחור

זיי שטראָפען נישט פאַר אימגעריִגע זיִנד.

דער קעניג

איך זינדיג נאָך אצינד. .

פשחור

אָ הער!..

דער קעניג

יאָ, פשחור, יאָ, די געטער זענען בייז...



פשחור

מיִט וויין און בלוט זייער צאָרן שטיִל...

די דונער׳ען און די בליִצען ווערען וואָס אמאָל העפטיִגער

דער קעניג

נאָך א לענגערען שטיִלשווייגען

און אפשר שטראָפט אנ׳אַנדערער? ווער ווייכ?

פשחור

אויפציִטערענדיִג

ווער האָט די מאכט?..

דער קעניג

הי: פארטון איִן זיין געדאנק

אַנ׳אנדער גאָט...

פשחור

ערשטוינט

אַ חוץ דעם גאָט פון טאָג און נאַכט?!..

דער קעניג

דער גאָט פון יענעם אַלטען!..

פשחור

ס׳האָט קיינער געגען דייגעם נישט קיין האַפט!..

דער קעניג

ענערגיִש

און יענער אַלטער, זאָג, וואו נעמט ער דאָס זיין קראַפט?
ווער מאַכט דעם קנעכט פאַר מעכטיִג, און דעם הערשער —
קליין?..

פשחור

אָ הייליִגע, פֿאַרגיִט זיין זינד!..

דער קעניג

ביִסטו געוועזען בליִנד?

פשחור

און האָסטו ניִשט אין יענער נאכט זיין גאָט געזעהן?..

פשחור

דער אַלטער איִז אַ כשוף-מאַכער...

דער קעניִג

איִז בל אַקעגען כשוף שוואַכער?
פֿאַרוואָס איִז ער צו היִלף מיִר ניִשט געקומען?
האָט אויך זיין האַרץ אַ שרעק אַרומגענומען?

די דונערן און בליִצען שטאַרקען זיך אלץ מער

פשחור

אויפהויבענדיִג די הענט

דערוויִדער ניִשט דעם גאָט, אָ קעניג!

דער קעניג

צי הייליִג איך אים וועניִג?

פשחור

ווער ס׳פרעגט, דער לעסטערט.

דער קעניִג

האָב איך אַצינד געלעסטערט?

פשחור

געצווייפעלט איִן זיין מאַכט...



דער קעניג

וועַר האָט איִם מער, ווי איִך פֿאַרגעטערט?...

פשחור

אָ הער זיין דונער, ווי ער קראַכט;
זיין גרים-צאָרן רעדט...
בויג-איין דיין קאָפּ, אָ קעניִג!...

דער קעניִג

מיִט ביִטערקייט

כ׳האָב גאָט נאָך גאָט פֿאַר זיינע פֿיִס געשמעטערט...

פשחור

אויף די קניִען

בעט!.. אָ בעט!...

דער קעניִג

עס רויכערט נאָך פון מענשען-בלוט מיין פעלד...
עס צאַפּעלט נאָך צו יעדער ביין און שעלט. .
און יענער גאָט, איִן רעגען-בויגען פאַרבען...

פשחור

אויפשטעהענדיִג ענערגיִש

דער בליִנדער יוד מוז שטאַרבען!...

דער קעניג

שפּריִנגט אויף אַ דערציִטערטער

אַ פריִשער קרבן?!...

פשחור

ער האָט דיין האַרץ פֿאַרדאָרבען
און דיין געמיִט פֿאַר׳סמ׳ט;

### פשרור

שטעהט אויף און קוקט אַ לענגערע צייט אויף דעם קעניג מיט אַ שטומער ערשטוינונג

### חלקיהו

באווייזט זיך פון נעבען די בערג, לינקס. ער בלייבט אַ ווײלע שטעהן אומזיכער און הערט זיך צו אויפמערקזאם. באלד דערנאָך שיינט ער זיך צו באַרוהיגען, און מאַכט עטליכע באַוועגונגען מיט דער האַנט, רעכטס און לינקס פון די בערג. פון ביידע זייטען באַווייזען זיך, אין אַ געוויסער אומאָרדנונג, גרעסערע און קלענערע אָפּטיילונגען יודישע מאַנסליט, עלטערע און יונגערע. אַלע געהען שטיל און פאַרזיכטיג, און מאַכען דעם איינדרוק פון שטומע זיך גליטשענדיגע שאָטענס.

### פשחור

זי באַמערקענדיג, ווייזט אַרויס אַ שטומע שרעק. איילענדיג לאָזט ער זיך אַרונטער אויף דער ערד נעבען דעם קעניג, אַזוי, אַז דער הויפען שטיינער פאַרבאָרגט זיי ביידע.

### חלקיה:

נעבען די הויפענס

**דאָ רוהען זיי, די הייליגע אין שדי'ס שויס.**
**אַ לעצטער קרעכץ האָט אונזער האַרץ געלייטערט.**
**ניט וויינט! אומהייליג איז אצינד די טרער!**
**ניט רייסט קיין קריעה מער,**
**און די אבילות ווייט פון אייך דערווייטערט:**
**אַ יום טוב זאָל דאָס זיין פאַר קליין און גרויס!..**

### אַלע

פאַלענדיג אויף די קניען

**הייליג, הייליג, הייליג איז די נאַכט!..**

### חלקיהו

**זיי זענען אין די פלאַמען אויפגעגאַנגען,**
**און אויף דעם הויז ישראל ליכט פאַרשפּרייט,**
**אין צויבער פון מלאכישע געזאַנגען**
**שטעהט יעדערער פון זיי אַצינד און בעט!**



**דעם צאָרן פון די געטער אויפגעפלאַמט...**

### דער קעניג

**אַ פרישער קרבן?!..**

דער דונער קראַכט מערערע מאָל נאָך אַנאַנד

### פשחור

חיזוקנדיג צום הימעל

**אָ הער!..**

### דער קעניג

מיט אַ געוואַלטיגער אויפרעגונג

**שווייג!...**

### פשחור

אויף די קניען

**מיין קעניג!..**

### דער קעניג

**צי הערסטו ניט דאָס ציין-געקריץ**
**פון יענע שאַרבענס, די פאַרקוילטע?**
**צי שפּיזט דיך ניט דער שוואַרצער בליץ**
**פון אויגען-לעכער אויסגעהוילטע?..**
**אָ זעה, וואָס טוט זיך דאָ אַרום?**
**ניט מיין, אַז אַלץ איז טויב און שטום;**
**עס לעבט און אָטעמט יעדער ביין;**
**אַ יעדער גוף, וואָס ליגט פאַרברענט,**
**שטרעקט אויס צוויי אָפּגעפלייטע הענט,**
**און בײלט אַקעגען מיר די פויסט;**
**ער קריצט פאַרוועהטאָגט מיט די ציין,**
**און וואַרפט זיין אַש מיר אין געזיכט!..**

ער קערט זיך אָפּ מיט אומגעהויערער שרעק, באַהאַלט דאָס פנים צווישען ביידע הענט און לאָזט זיך אונטער אויף די קני נעבען דעם הויפען שטיינער

אַלע

מיט ערפורכט

הײליג, הײליג, הײליג איז די נאַכט!.

זיי בלײַבן שטיל און אומבאַוועגליך פאַר די דריי האָלץ-הויפענס, די קעפּ מיט
ערפורכט אויף דער ברוסט געזונקען. די דונערען און בליצען באַרוהיגען זיך

דער קעניג

ווי דערוואַכענדיג, קוקט זיך אומרוהיג אַרום

וואָס רעגט זיך דאָרט?.. מיין רוה ווער שטערט?..
איך האָב אַ שטיל געוויין געהערט...

פשחור

סודות'דיג

אַ קעניג!..

[דער קעניג]

צי רעדען מתים מיט אַנ'אַנדער
און זוכען זיך אַ מנוחה-אָרט?
זיים ווען געהט טויט מיט הימעל-ליכט געפּאָרט?..
פעהלט שפּאַלטען אין די פעלזען-שטיינער,
און פינסטערניש—אין שלאַנגען-לעכער?..

פשחור

אין זעלבען טאָן

די יודען פאָרשען צו די ביינער.

דער קעניג

ענערגיש

רעד העכער!
וואָס קלעבט די צונג זיך צו דיין גומען?..



פשחור

מיט מורא

די יודען קומען..

דער קעניג

אָהאָ, די יודען...
וואָס שרעקען זיי דיך אויך, די יודען?..

פשחור

מיט מורא

גאַנצע מחנות!..

דער קעניג

און פירט זיי ווער?

פשחור

דער אַלטער..

דער קעניג

הויבט אויף פאַרזיכטיג דעם קאָפּ

דער אַלטער בלינדער, יאָ, ס'איז ער...

פשחור

פאַרטרייבען?..

דער קעניג

ניין!..

פשחור

איך ראָט דעם קעניג באַלד אַוועקצוגעהן...

דער קעניג

נערוועז

איך וויל דאָ בלייבען...

פשחור

קום וועניגסט זיך באַהאַלטען;
נישט זיכער איז דאָס אָרט...

דער קעניג

האָסט מורא פֿאַר דעם אַלטען?..
עס ציטערט אין דיין מויל דאָס וואָרט...

פשחור

צו ליב איז מיר דעם קעניגס רוה..

דער קעניג

צי קאָן מיר שלעכטס געשעהן?

פשחור

ווער קאָן דען זאָגען—„ניין"?..
מיר לעבען אין פֿאַררעטערישע צייטען...

דער קעניג

נון, גוט, באַהאַלט מיך וואו,
און לאָז מיך וועניגסט פֿון דער ווייטען...

(זיי געהען ביידע אָפּ אין העלדעל, לינקס און פֿאַרשווינדען)

חלריהו

מיט באַגייסטערונג

אָ גאָט פֿון מיינע אבות, הער מיין שטים!
נישט קלאָגען קום איך פֿאַר דיר היינט, נור גלויבען;
נישט בעטען וויל איך, נור דיין גרויסקייט לויבען;
דיין חסד פֿאַר דער וועלט דערצעהלען.
איך ליב די ליידען, ווען זיי קומען פֿון דיין האַנט;
איך טרינק מיט פֿרייד מיין ביטערניש, מיין שאַנד;
זיי לייטערען און היילען...



דיין צאָרען האָט מיין זעל צעאַקערט,
מיין וויסטעניש און פֿרוכטבאַרקייט פֿאַרקערט.
דעם חושך פֿון מיין הימעל אויסגעקלערט,
און אין זיין מיט, אַ נייע זון צעפֿלאַקערט!
איך ליב די ליידען, האַר! איך ליב די וואונדען!
מיין שטראָף איז מיר אַ חסד, און מיין צער—גלאַנץ!
זיי האָבען מיך צו אייביגקייט געבונדען,
און מאַכען דאָס צעבראָכענע מיר גאַנץ..
נעם־אָן, אָ האַר, דעם קרבן, וואָס איך ברענג!
און איז ער נישט גענוג, איז דער מזבח גרייט:
אָהן דיר איז די אומענדליכקייט מיר ענג;
מיט דיר, מיין ענגשאַפט—הימעל ברייט!..

דער נביא

(אַ מענטש פֿון אַ יאָר עטליכע און פֿערציג; לאַנגע, שוואַרצע האָר און באָרד ווילד צעבאָרשטען; התלהבות־דיגע אויגען שטאָלצע, קעניגליכע האַלטונג; טראָגט אין האַנט אַ דונער־שטאָק, מיט וועלכען ער קלעטערט פֿון די בערג אַרונטער. אויפֿקומענדיג נאָענט פֿון דער מחנה, בלייבט ער אַ ווײַלע שטעהן שטום און אומבאַוועגליך, דורכנעמענדיג אַלץ מיט זיין פֿייערדיגען בליק. זיין באַווייזען זיך רופֿט אַרויס אַ נערוועזע באַוועגונג צווישען די אָנוועזענדע, וועלכע שטעהן מיט אַ מאָל אויף פֿון דער ערד.)

איינער פֿון פֿאָלק

זאָגט, ווער איז דאָס דער אומבאַקאַנטער?

אַ צווייטער

זעהט זיין העלען בליק, דעם שטרענגען!

אַ דריטער

אין אַ געטליך בילד דערמאָנט ער.

ד״ר ערשטער

קומט ער גוטע בשורות ברענגען,
אָדער קומט ער אונז נור שטערען?..

דער צווייטער

שווייגט, ער רעדט, מיר ווילן הערן!..

אַלע

שווייגט!.. שווייגט!..

דער נביא

כ'האָב געוואַנדערט אין דער מדבר,
מיך מיט ווילדע פֿרוכט גענערט:
ס'האָט קיין פֿיינד אויף מיר געלויערט
און קיין פֿריינד מיין זיפֿץ געהערט.
אָפּגעזונדערט און באַהאַלטן,
ווייט פֿון מענשן מיר געלעבט,
אין די פֿינסטרע פֿעלזן-שפּאַלטן,
און אַ שטילן טרוים געוועבט.
שלאַנגען, סאָוועס און שאַקאַלן
זענען מיינע געסט געוועזן;
טרויסטן פֿלעגן זיי מיין טרויער
מיט זיי'ר נאַכטליכן געוויין:
פֿון מיין שטילן טרוים געוועקט מיך
האָט אַ הימלישער געשריי:
„שטעה פֿון דר'ערד אויף, בייט די קליידער,
„נעם דעם וואַנדער-שטאָק און געה!
„אויף די פֿליגעל פֿון די ווינטען
„פֿליה קיין בבל, פֿליה געשווינד,
„און וואָס איך וועל דיר דאָרט זאָגן,
„זאָג עס איבער, מענשענקינד!".

אַ גערוישע באַוועגונג צווישן פֿאָלק

איינער

ער איז פֿון גאָט מיט גייסט באַגליקט.

אַ צווייטער

עס קלינגט מיט מעכטיגקייט זיין שטים.



אַ דריטער

ער איז פֿון גאָט צו אונז געשיקט;
אַ היילִיג פֿייער רוהט אויף אים!

דער ערשטער

דאָס אויג זיינס בליצט, זיין בליק פֿאַרבלענדט;

דער דריטער

איך האָב דעם נביא באַלד דערקענט.

דער צווייטער

ער איז פֿון אַלע דאָ דער שענסטער.

חלכיהו

וואָס ברענגסטו אונז, דו גאָט-געבענשטער?

דער נביא

די פֿאַרקנעכטעטע, די פֿרייהייט,
און די הונגעריגע — ברויט!
די געפּייניגטע, די טרייהייט,
און די פּייניגער — דעם טויט!
שטאַרקע אָרעמס קום אין שוועכן;
שוואַכע — נייע קרעפֿטן געבען;
קברים-שטיינער קום איך ברעכן;
מתים מיט מיין גייסט באַלעבען!...

ער געהט אָפּ לינקס, לענג-אויס די בערג, און פֿאַרשווינדט. אַלע בלייבן אַ ווײלע שטעהן אין ערשטוינונג און קוקן אים נאָך ענדליך לאָזן זיך אַלע ארונטער מיט ערפֿורכט אויף די קניען און שיינען שטיל צו בעטן. די דונערן און די בליצן, וואָס האָבן אַ ווײלע אויפֿגעהערט הויבן זיך אָן אויף דאָס ני.

דער קעניג און פשחור

זיי קומען פֿון וועלדעל, לינקס. דער לעצטער האַלט צווי טויטע פֿויגל אין איין האַנט און אַ ביינען אין דער צווייטער

פשחור

די וואַן איז אין אַ זיכער אָרט;

די דורכגעגנג אַלע גוט פֿאַרשטעלט.
געגוג, אַ קעניג, איז אַ וואָרט,
און די פֿאַררעטער...

דער קעניג

אומגעדולדיג

וואָס ענטפֿערען די געטער?..

פשחור

דער קרבן האָט מיין בליק געלייטערט,
דעם שלייער פֿון דעם סוד דערווייטערס,
און אַלץ איז ווידער קלאָר.
איך האָב די גדערים פֿון די פֿייגעל אָנגעפֿרעגט..

דער קעניג

און זאָגען פֿייגעל תמיד וואָר?

פשחור

זיי זאָגען דאָס, וואָס בל אַנטפּלעקט...

דער קעניג

רעד!..

פשחור

דער קעניג האָט אַליין דעם צאָרען
פֿון די אַלמעכטיגע געשטאַרקט.

דער קעניג

מיט וואָס?..

פשחור

דעם לעסטערער זיין שטראָף געקאַרגט.

דער קעניג

פֿאַרמאָגט די געטער-שטראָף קיין מאָס?
האָב איך נאָך ווייניג בלוט פֿאַרגאָסען?..

פשחור

צו ווייניג, האַר, האָט עס געפֿלאָסען
זיי איינצושטילען...

דער קעניג

מוז באַרג און טאָל זיך איבערפֿילען!..

פשחור

שטילערהייט

געדענקסטו נאָך אַ פֿינסטערן טרוים?..
אַ שוידערליכע נאַכט אין וואַלד,
אַנ'אַלטען, ווייס ווי זילבער-שוים!..

דער קעניג

מיט שרעק

אַ פשחור!..

פשחור

הייזענדיג אויף חלקיהוץ

באַטראַכט די זעלטזאַמע געשטאַלט...

דער קעניג

ציטערט אויף

דאָסזעלבע אויסזעהן און דיזעלבע טראַכט!..

פשחור

געביטעריש

די געטער פֿאָדערען זיין טויט.

אָ האַר, באַפּריִדיג זיי'ר פאַרלאַנג,
זיי מקריב אים צו אַלגעמיינער נויטן!

דער קעניג

מאַכטלאָז

איִך קאָן ניִשט...

פשחור

ער האָט דיין ווילען שוואַך געמאַכט,
דיין האַרץ מיִט כשוף-פעדים אומגעשפּינט,
און ויִ מיִט שטאַרקען וויין פאַר'שכור'ט דיין געדאַנק:
אים לאָזען לעבען, קעניג, איז אַ זינדו..

דער קעניג

אָהן קראַפט איז נעגען אים מיין אָרים,
און נישטיג איז מיין גרעסטער העלד:
ער וועקט די טויטע פון די קברים,
און די דערשלאָגענע פון פעלד.
ער וואַקעלט אונטער מיִר מיין טראָן,
און בויגט מיין קני...

פשחור

ימזענדיג צום הימעל

ניִשט שפּאָר קיין מיה,
עס רוקט אַ פינסטערער טאָג זיך אָן!..

דער קעניג

מיט שוידער

פשחור

דאָ איז דער בויגען פעסט געשפּאַנט,
ניִשט צעגער לאַנג, דו מוזט עס. איילן..



דער קעניג

נעמט דעם בויגען

איִך פיִל, ויִ עמיִץ לעמט מיין האַנט...

פשחור

אַ לעצטע פרוב,
צו בל'ן רוף,
און וואַרף מיִט העלדישקייט דיין פייל.
ציִל גלייך איִן ברוסט!..

דער קעניג

שטעלט אָן דעם בויגען אויף חלקיהו'ן און לאָזט אים מאַכטלאָז צוריק אראָפּ

ניין... ניין!..

פשחור

דו מוזט!..

דער קעניג

פרובט נאָכאַמאָל צו שיִסען און לאָזט חיִדער דעם בויגען פון האַנט ארויס

עס מיִשט זיִך אַלץ פאַר מיינע אויגען;
עס שווערט איִן מיינע הענט דער בויגען...
אַ מאָדנער גלאַנץ!..
אַ מתים-טאַנץ
געהילט איִן שוואַרצען!..

פשחור

דאָס איז דעם אַלטענס כשוף-שפּיִל...

דער קעניג

איִך האָב דעם איינדרוק, אַז איִך ציל
אַליין אַ פייל צו מיִר איִן האַרצען!..

עס מאַכט זיִך פלוצים אַן'אומרוהיגע באַוועגונג צווישען די יודען

איינער

אויפשפרינגענדיג

פאַרזיכט, ברודער!.. פרעמדע טריט!..

אַ צווייטער

די צונגענג, היט!..

אַלע, חוץ איין מענש, שטעהען מיט איין מאָל אויף פון דער ערד

דער קעניג אומרוהיג, בייט אום אַ פּאָר שטומע בליקען מיט פשחור'ן צעגערט אַ הוילע, און באַהאַלט זיך גאַנץ שנעל הינטער'ן הויפען שטיינער, קוקענדיג בגנבה און דערשראָקען אין די ריכטונג פון די דריי חאַלץ-הויפענס. פשחור טוט אים אַלץ נאָך

חלקיהו

ווער קומט עס דאָרט!!

מערערע

שושנה!..

שושנה

קומט פון וועלדעל, רעכטס. דריי יונגער פאַרשטעלען איר דעם וועג

איינער פון די דריי

דאָ איז פאַר פרויען נישט קיין אָרט!..

שושנה

לאָזט מיך!..

דער צווייטער

דער צוגאַנג איז פאַרווערט.

שושנה

חער ביסטו, וואָס מיר שטערט!



דער דריטער

מיר טוען, וואָס מ'האָט אונז באַפוילען.

שושנה

חיל מיט גוואַלט דורכגעהן

איר ווילט דעם סוד פאַרהוילען!..

דער צווייטער

זי אָפּשטויסענדיג

געה!..

שושנה

רייסט זיך

לאָזט מיך!..

דער ערשטער

די קומסט נישט ווייטער...

יער צווייטער

געה!.

שושנה

זיך דורכרייסענדיג פאַרצווייפעלט

איר האָט דעם מאַן ביי מיר גערויבט,
און ווייגען איז מיר נישט ערלויבט?!
חער האָט פאַר הערען אויף מיין גורל אייך געמאַכט?

חלקיהו

אַ פינסטערע עקשנות!..

שושנה

מיט וואיט

מחדנות,

וואָס שיִצט זיִך איִנ'ם חושך פֿון דער נאַכט!

צו די אַרומיִגע

וואָס רוקט איִר זיִך, ווי שאָטענס אויף די קבֿרים?
און גלייך צו אָט די טרוקענע פּגרים,
וואָס וואַלגערען זיִך דאָ אַרום,
פֿאַרקריִצט איִר מוטלאָז מיִט די ציין,
און קאָרטשעט זיִך, ווי ווערים בליִנד און שטום,
איִן אייערע פּיינען!..
גיִט אָפּ מיִר וועניִגסט זיין געביין!..

חלקיהו

מיט וועהטאָג

ווער לעסטערט?!

שושנה

מיִט ביִטערקייט

אכזריות'דיִגער פֿאָטער!..

חלקיהו

איִז דאָס שושנה'ס ריידן?..

שושנה

וואו איִז מיין מאַן?.. וואו איִז עזריהו?..

חלקיהו

וואו איִז מיין טאָכטער?.. וואו איִז שושנה?..
ציִ איִז זי פֿאַר איִר גאָט געשטאָרבען,
ציִ לעבט זי פֿאַר איִר פֿאָטער'ס שאַנד?..

שושנה

פֿאַרוויסטאַפּעטנדיִג אַ דאַלך פֿון בוזעם

אָ, זעהט, עס ציטערט ניִשט די האַנט,



און ניִשט דאָס האַרץ,
נקמה! — שרייט עזריה'ס בלוט...

חלקיהו

אומגליִקליִכע, באַצווינג דיין שמאַרץ!
צו הייליִג איִז דער קרבן!..

שושנה

איִר האָט זיין טויט געוואָלט,
זיין לעבען אָפּגעשניִטען...

חלקיהו

ער האָט עס אויף אַ שענערען פֿאַרביִטען...

שושנה

עזריהו!.. עזריהו!..

חיִלד פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, לאָזט זי זיִך לויפֿען איִן דער ריִכטונג פֿונ'ם קעניג, טרייסלענדיג דעם דאלך איִן דער לופֿט. אייניִגע מענער פּרובען זי צוריִק צו-האַלטען.

דער קעניִג און פשחור

דאָס באַמערקענדיג, פֿאַרשוויִנדען איִן היִלדעל אַריין, זשעסטיִקוליִרענדיג שטום צווישען זיִך

חלקיהו

צו שושנה'ן

פֿעסטער ניִשט דאָס, וואָס איִך האָב אויפֿגעבויט!..

שושנה

מיִט ביִטערקייט

ציִ בויען די, וואָס ציִטערן פֿאַר דעם טויט?..
פחדנות שאַפֿט קיין וואונדער... פֿרוכטלאָז איִז אַ טרער!

חלקיהו

**אומגליקליכע, נישט לעבען קום איך הער...**

שושנה

**דאָס בלוט זיינס שרייט ..**
**ער האָט אומזיסט פאַר אייך געליטען...**

א טראָמפּייטען געשאַל פון דער ווייטען

**אַ פריש אָנגעקומענער**

**דער שונא, ברידער, איז נישט ווייט;**
**די וועגען—אַלע אָפגעשניטען!..**

מען הערט פון צייט צו צייט אויסגעשרייען פון אַ מחנה

**איינער**

**די גאַנצע מחנה איז פאַרלוירען!...**

**אַ צווייטער**

**אָ הערט די פיינדליכע געשרייען!..**

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג

**אָ, לאַנג-געגלויסטע מוטערליכע וועהען! —**
**ישראל וועט איצט ניי-געבוירען!..**

**דער ערשטער**

**עס פליען פיילען!..**

חלקיהו

אין זיך פאַרטיף

**עס ציטערן זיילען;**
**טראָגען קראַכען...**

עס פאַלען איינציגע מענשען פון פיילען געטראָפען



**עס קניט דער שטאַרקער פאַר דעם שוואַכען...**
**דער שופר הגאולה שאַלט!..**

שושנה

זיך כאַפּענדיג קראַמפּהאַפט מיט ביידע הענט ביים האַרץ און וואַקלענדיג זיך

**פחדנים!.. אייערע וואָפען!?**

**איינער**

צולויפענדיג

**וועה!.. שושנה איז געטראָפען!..**
**אַ בייזער מלאך אויף אונז שוועבט!..**

**אַנדערע**

צולויפענדיג

**זי פאַלט!.. זי פאַלט!..**

שושנה פאַלט טויט

חלקיהו

מיט באַגייסטערונג

**ישראל לעבט!..**

עס דערהערען זיך מערערע טראָמפּייטען-שאַלען,—פון וועלדעל, לינקס, באַווייזט זיך אַ גרעסערע אָפּטיילונג פון׳ם קעניגס גוואַרדיע. אָן שפּיץ געהט טלמון, און הינטען—דער קעניג און פשחור. זייער ערשיינונג ווירקט אויף די ייִדען אַ געוואַלטיגע אימה, און אין זייער איבעררעשונג גרופּירען זיי זיך אַלע הינטער חלקיהו׳ן

פשחור

**דאָ זענען זיי, די מייז אויס זייערע לעכער...**
**דעם קעניגס פיינד, די הייליגקייטס פאַרשוועכער!..**

טלמון

צו די סאָלדאַטען

פאַראויס מיט דעם געווער! קיין זאַך נישט שוינט!
דעם אַלטענס טויט ווערט קעניגליך באַלוינט!..

די סאָלדאַטען טוען זיך אַ לאָז מיט די שפּיזען צו חלקיהו׳ן. אין זעלבען אויגענבליק קראַכט אַ דונער, אַ בליץ פלאַקערט מיט איינמאָל אויף די דריי האַלץ־הויפענס, און פון צווישען די פלאַמען באַווייזט זיך די שטראַלענדיגע געשטאַלט מיט׳ן אויסגעשטרעקטען שווערד אין האַנט. די סאָלדאַטען, דאָס באַמערקענדיג, שפּרינגען אָפּ מיט שרעק, און בלייבען שטעהן מיט די וואָפען אין די הענט, ווי פאַרשטיינערט.

דער קעניג

אין ציטערניש

ד׳איז ווידער דאָ די דראָענדע געשטאַלט!..

די געשטאַלט

חלקיהו!.. חלקיהו!..

חלקיהו

מיט טרערען אין דער שטים

מיין האַר!..

די געשטאַלט

יי שטאַרק, דיין ווילען זיגט!..

חלקיהו

אויף די קניען

דיין חסד!..

די געשטאַלט

דיין צער!..

פון צווישען די פלאַמען דערהויבען זיך די געשטאַלטען פון חנניה, משאל און עזריה

שטימען פון צווישען די יודען

זיי לעבען!.. זיי לעבען!..



יודען פאַלען אויף די קניען און בוקען זיך

דער קעניג

זיך אָנהאַלטענדיג אן פשחור׳ן

אָ זעה!..

פשחור

ערשטוינט

ויי לעבען!..

דער קעניג

און אָטמען פייער, ווי דו אָטעמסט לופט..

פשחור

די בליקען שטאָלץ...

דער קעניג

פול זיגערישען שפּאָט...

טלמון

מיט באַגייסטערונג

דריי זונען שטראַלענדיג אין לויטערן הימעל־בלוין..

דער קעניג

מיט אַ געבראָכענער שטים

נעגרויסט זאָל זיין דער איינציג שטאַרקער גאָט
פון שדרך, משך און עבד־נגו!..

קיי פאַלט אויף די קניען און בוקט זיך מיט דעם פנים ביז צו דער ערד. די איבריגע טוען אים דאָס נאָך.

פ אָ ר ה אַ נ ג.

„ס'זענען אין דעם בוך פֿאַרהאַנען אַ סך לידער, וואָס זענען רייך לויט זייער אינהאַלט. ס'פֿיהלט זיך אינדיווידועלע איבערלעבונג און אַ דרייסטער זיכערער טאָן“
(מאָמענט נומר 95 1920)

„דאָס ביכעל איז אינגאַנצען גענומען אַ זעהר געלונגענער אַריינטריט אין דער יונגסטער יודישער פּאָעזיע. מיט דעם ביכעל האָט לאַנדינסקי באַוויזען, דאָס ער האָט עפּיס פֿאַר אונז צו זאָגען און דאָס אין זיין אַרבייט ליגט אומבאַדינגט אַ צוקונפֿט פֿון נישט קיין מיטעלמעסיגען דיכטער“.
(זאַגלעמביער צייטונג נומר 19 1920)

„דער וויכטיגסטער שטריך פֿון לאַנדינסקיס פּאָעזיע איז דאָס אומקערן זיך צו דער נאַטור. די ליבע צו דער נאַטור פֿאַרלאָזט אים נישט אויף קיין אויגענבליק די „וואַלדגעזאַנגען“ זענען אַנ'אויסדרוק פֿון אַ אידעלע, נישט פֿאַרוויינטע געפֿיהלען. אין זיי האָט לאַנדינסקי געפֿונען אַנ'אויסדרוק פֿאַר זיין במעט פֿרוילבע צאַרטקייט און געפֿיהלפֿולקייט. אַנ'אומבאַגרענצטעס אַרויספֿיהלען די וואַלדשטילקייט באַלייט מיט מעלאַדישקייט.

צו שטאַרק צו קענען געהן מיט די אַלטע, פֿול מיט גוטען ווילען, פּשוט אין גייסט און גלייכצייטיג סענטימענטאַל—שטעהט לאַנדינסקי אויפֿן גרעניץ פֿון צוויי ליטעראַרישע עפּאָכען.
(Nasz Kurjer 18/IV 1920)

## „קינדערלידער און קינדערגעדיכטען“ פֿון ש. י. לאַנדינסקי מיט אַ פֿאָרוואָרט פֿון יעקב דינעזאָהן.

ערשטע אויפלאַגע—1918 דריטע אויפלאַגע (פֿערטע טויזענט) 1920. דאָס שאַרעבלאַט געצייכענט פֿון י. זיידענבייטעל.

די דאָזיגע לידער, וואָס דער דיכטער ש. י. לאַנדינסקי האָט געשריבען פֿאַר דער ערשטער יודישער קינדערהיים אין וואַרשע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אונטער דער פּערזענליכער מיטווירקונג פֿון י. ל. פּרץ, און זענען דעם לעצטען געווידמעט, ווערען געזונגען כמעט אין אַלע קינדערהיימען פֿון פּוילען און ליטע, דאָס ביכעל איז זעהר וואַרים באַגריסט געוואָרען פֿון דער זשורנאַליסטיק און דער לעהרערשאַפֿט און האָט זעהר גרויס ערפֿאָלג. דעם גרעסטען טייל פֿון די רעצענזיעס האָבען מיר יעצט נישט אין אונזער




וואַרשע טוואַרדע 4 וו. 2

# ערשינענע ביכער:

„פֿלאַמען“ אַ באַנד געדיכטען פֿון ש. י. לאַנדינסקי. קינסטלערישע הילע געצייכענט פֿון ה. בערלעווי. פֿאַר די דריי חדשים זינט דאָס בוך איז ערשינען, איז וועגען דעם שוין אַ סך געשריבען געוואָרען. מיר ברענגען בלויז איינצעלנע ציטאַטען פֿון די פֿאַרשידענע רעצענזיעס.

„פֿון ש. י. לאַנדינסקיס לידער בלאָזט עפּיס אַ שטילער וועהמוט, אַ חשבון איבערן לעבען. דאָס לעבען איז ביי איהם אַ שטענדיגער יום־הדין. דער דאָזיגער טאָן לאָזט זיך אויך מערקען אין דער פּראַכטפֿולער פּאָעמע: „איך און מיין שאָטען“, וועלכע בליצט מיט אָריגינעלע געדאַנקען. אַ שעהנע באמת ביבלישע סטרונע לאָזט זיך אויך פֿיהלען פֿון די לידער: „פֿון שמואל הנביאס געזאַנגען“, וואָס זענען גאַנץ אייגענאַרטיג געשריבען. בכלל האָט לאַנדינסקי מיט דעם דאָזיגען בוך געמאַכט דעם ערשטען געלונגענעם טריט אין גאָרטען פֿון דער יודישער פּאָעזיע.
(לאָדזער טאַגעבלאַט נומר 120 1920)

**„אַ שלעכטע פרוי און אַנדערע" אַ באַנד ערצעהלונגען י. מ. ווייסענבערג.**

די דאָזיגע ערצעהלונגען זענען זעהר גוט אויפגענומען געוואָרען פון דער יודישער קריטיק. אַבהאַנדלונגען וועגען זיי האָבען פאַרעפענטליכט די קריטיקער: בעל-מחשבות, ניגער און אַנד.

**„פון רויטען לעבען" פון יואל מאַסטבוים.**

אַ ראָמאַן, וואָס שילדערט דאָס לעבען און די טעראָריסטישע אַקטען פון די יודישע פ. פ. ס. אין 1905–6.

**„אין לאַנד פון דער ווייסעל" אַ פּאָעמע פון י. פּערלע.**

אין דער פּאָעמע ווערט געשילדערט אין פּאָעטישע בילדער ווי אַזוי אַ פּוילישע פּריצישע טאָכטער פאַרפיהרט אַ יודיש מיידעל צום שמד און בכלל דאָס יודיש-פּוילישע לעבען.

**„מעלאָדיען צו ש. י. לאַנדינסקיס קינדערלידער. הילע געצייכענט פון י. זיידענבייטעל.**

**„פאַרנאַכטענגאָלד" אַ באַנד געדיכטען פון יונגען, אָריגינעלען גאַליציאַנער עקספּרעסיאָניסטישען דיכטער אורי צבי גרינבערג, הילע געצייכענט פון ה. בערלעווי.**

**„מיינע מעת-לעת'ן" אַ באַנד געדיכטען פון ישראל שטערן.**

פאַר דער קורצער צייט, וואָס דער יונגער, אָריגינעלער דיכטער ישראל שטערן האָט זיך באַוויזען אין אונזער ליטעראַטור האָט ער זיך מיט זיינע לידער קונה שם געווען אַלס איינער פון די אָריגינעלסטע.

**„אין בבל" דראַמאַטישע פּאָעמע פון ד"ר י. ב. ציפּור**

דער מחבר פון דער „שכינה אין גלות", וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע אויסערגעוועהנליכע דראַמאַטישע פעהיגקייטען צו פאַרקערפּערען אין סצענישע בילדער אַלטע יודישע לעגענדען, שילדערט אין דעם דאָזיגען ווערק אין מייסטערהאַפטע, קינסטלערישע שטריכען די עפּאָכע פון גלות-בבל און דעם דעמאָלדיגען קאַמף פון יודישען פאָלק פאַר זיין באַפרייאונג. דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעפלאָכטען מיט אויסערגעוועהנליך שטאַרקע פּאָעטישע שטימונגען פון יענער צייט.